III. Jahrgang. **DER JUDE.** Nr. 24

# דער יוד

צייטשריפט

## פיר אלע יודישע אינטערעסען.

ערשיינט יעדע וואָך.

פערלאג: חברת „אחיאסף".

אבאנאמענטס פרייז יאָהרליך:
אסטרייך-אונגארן —.12 קראָנען.
האלביאהריג —.6 "
פירטעליאָהריג —.3 "
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 "
אמעריקא, ענגלאנד —.10 שילינג.

פרייז פון מודעות (אנציינען):
פיר יעדע קליינע שורה פעטיט
20 העלער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

Erscheint Donnerstag

דער פרייז פיר רוססלאנד:
גאַנץ-יאָהרלין —.5 רוביל.
האלב-יאָהרלין —.3 רוביל.
פירטעל-יאָהרליך 1.50 רוביל.
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען אפריל — 2 "
דען 1טען אויגוסט — 1 "

ענדערען די אדרעסע קאסט 20 קאפ.

Krakau, 13 Juni 1901. נומר 24. קראַקויא, סיון תרס"א.

## דער בעריכט פון דע־ דעלעגאציע

וואָס איז געשיקט געוואָרען פון אָדעסער קאָמיטעט צו דעם באראָן ראָטשילד און צו דער יודישער קאלאניזאציאנס-געזעלשאפט (יק"א).

אָבפאָהרענדיג פון פאַריז, האַלט די דעלעגאַציע, וואָס איז אויסגעקליבען געוואָרען אויף דער אָדעסער אסיפה פון 13־טען פעברואַר 1901 פאַר נייטהיג צו ערפילען איהר התחייבות און צו געבען חאָטש א קורצען בעריכט פון איהר ארבייט און פון דער לאַגע, אין וועלכער עס געפינט זיך איצט די קאָלאָניזאַציאָנספראַגע, מיר ווייסען מיט וואָס פאַר אַ אונגעדולד עס וואַרטען אויף אונזערע ידיעות די פריינד פון אונזער רעיון, און זיי האָבען רעכט צו קריגען די ידיעות גיך און פון דער ריכטיגער קוועלע.

גלייך אין אָנהויב פון אונזער בעריכט מוזען מיר זאָגען, אז די לאַגע, וועלכע מיר האָבען געפונען אין פאַריז האָט ניט אין גאַנצען געשטימט מיט אונזערע פאַרשטעלונגען, וואָס מיר האָבען וועגען איהר געהאַט בעת דער אסיפה אין אָדעס. וואָלטען מיר דעמאָלט ריכטיג געוואוסט די לאַגע, וואָלטען מיר אפשר אָנגענומען אַנדערע החלטות, אָדער מיר וואָלטען אויסגעקליבען איין אנדער צייט, זיי דורכצופיהרען. קומענדיג אָבער אַהער, האָבען מיר זיך מיט דער אומגעריכטער לאַגע געמוזט רעכענען.

די גאַנצע קאָלאָניזאַציאָנס־ארבייט פון ארץ ישראל איז איצט ווידער אַזוי ווי פריהער אין די הענד פון דעם באַראָן עדמונד ראָטשילד. אַלע גוטע און שלעכטע זייטען, וועלכע זענען פערבונדען מיט דער אַרבייט פון איין איינציגען מענשען, זענען אויך איצטער געבליבען אזוי ווי פריהער. די אליינהערשאַפט איז אָבער איצט מעהר געאָרדנעט א דאַנק דער נייער פאָרם, וועלכע זי האָט איצט אָנגענומען. די הנהגה פון דער קאָלאָניזאַציאָנס־ארבייט איז אָבגעגעבען אין א בעזונדער קאָמיסיע פון דער יודישער קאָלאָניזאַציאָנס־געזעלשאַפט, און ביי אַלע שוואַכע זייטען פון אזא קאָמיסיע וואָס צייכענט זיך אויס מיט איהר פאָרמאַליזם און וואָס ארבייט ווייט פון פלאַץ, גיט זי דאָך די מעגליכקייט צו אַרבייטען מיט א בעסערען פלאַן און מיט אַבעסערע אָרדנונג, אַ דאַנק איינינע קרעפטען, וואָס נעהמען אין איהר אַריין און ווייל איינינע צוזאַמען קענען דאָך בעסער אַרבייטען ווי איינער. צום בעדויערען מוז אָבער געזאָגט ווערען, אַז אָבגעבענדיג א טהייל פון איהר צייט, קראַפט און אַרבייט אונזער זאַך, וויל יק"א דאָך איהר ניט געבען קיין געלד און נאָך וועניגער וויל זי איהר געבען איהר נשמה.

מיר האָבען קומענדיג אַהער אויך בעמערקט, אַז אַזוי די אַלטע אַזוי די נייע הינגע קרעפטען זענען גלייך מיט אונז ניט צופרידען מיט דער פריהערדיגער אַרבייט. זיי שטימען אָבער ניט איין מיט אונז אין דער ערקלערונג פון די סבות, וועלכע האָבען די קאָלאָניזאַציאָן געשטעלט אין אַזא שלעכטע לאַגע. חאָטש זיי זענען זיך מודה אין די פיעל פעהלערען, וואָס זענען געמאַכט געוואָרען ביז איצט, גלויבען זיי נאָך אַלין אין די וואונדערקראַפט פון אַ אַדמיניסטראַציאָן, האַלטענדיג אָבער א אַדמיניסטראַציע פאַר נייטהיג, איז מען אויך דאָ שוין געקומען צו דעם געדאַנק אַז ביז איצט האָבען די אַדמיניסטראַטאָרען שוין צו פיעל זיך אומעטום געמישט, דערום האָט מען די לעצטע צייט פיעל אָבגעשמעלערט די הערשאַפט פון די אַדמיניסטראַטאָרען.

ווייטער האָבען מיר זיך דערוואוסט — נאָך אין וועג — אַז עס איז געקויפט געוואָרען אַנ׳ער־ פון 60.000 דונאם ערד איינצוריכטען אַ טהייל קאָלאָניסטען, באַלד ווי עס וועלען אויסגעפילט ווערען די נייטהיגע פאָרמאַליטעטען.

מיט געפיהל פון טיפען טרויער מוזען מיר נאָך אויפווייזען אויף דאָס פעהלען פון צוטרוי צו די קאָלאָניסטען און אַרבייטער. דאָס האַלטען מיר פאַר איינעם פון די טרויעריגסטע רעזולטאַטען פון דער פריהערדיגער הנהגה, וואָס איז פול געווען מיט ליגען און פאַלשקייט. מיר זענען טיעף איבערצייגט, אַז אַזא מיינונג איבער די קאָלאָניסטען און אַרבייטער איז אָהן אַ שום יסוד, אָבער דאָ האָבען מיר זיך געמוזט מיט דער דאָזיגער מיינונג רעכענען.

קורץ רעדענדיג, מיר האָבען דאָ געפונען איין איינציג הערשענדע פערזאָן, דאָס פעהלען פון צוטרוי צו די קאָלאָניסטען און די דעה, אַז אַ אַדמיניסטראַציע איז נייטהיג, די פערקלענערונג פון איהר הערשאַפט אין די קאָלאָניעס און אַ צונעקויפטעס שטיק לאַנד.

אַזא לאַגע, וואָס איז פאַר אונז געווען גאַנץ אומגעריכט, ווייזט שוין אַליין, וואָס מיר האָבען געקענט וואַרטען פון אונזער שליחות; נאָר געדענקענדיג די התחייבות, וואָס איז אויף אונז געווען אַרויפגעלעגט, האָבען מיר שריפטליך אויסגעאַרבעט און דערלאַנגט די פאָדערונגען לויט די החלטות פון דער אָדעסער אסיפה. די החלטות האָ־

בען אפשר גיט גאַנץ געפּאסט צו דער פֿערענדערטער לאַגע, וואָס מיר האָבען געפֿונען אין פּאַריז, אָבער אין זייער יסוד איז זייער ריכטיגקייט און נייטהיגקייט ניט פֿערקלענערט געוואָרען.

דאָס זענען אונזערע פֿאָדערונגען:

I. דער עיקר שלעכטס, וואָס האָט די גאַנצע צייט געוואָרגען אונזערע קאָלאָניעס, איז געווען דאָס סיסטעם פֿון אַ אדמיניסטראַציע. חאָטש איצט איז די ראָלע פֿון דער אדמיניסטראַציע פֿערקלענערט געוואָרען, איז זי אָבער דאָך געבליבען און אין איהר ליגט די סכנה, אַז זי וועט ווייטער איבערפֿיהרען אונזער גאַנצע ארבייט און מאַכען צו נישט אַלע קרבנות, וואָס ווערען געבראַכט, כדי צו שטעלען די קאָלאָניעס אויף אַ פֿעסטען און געזונדען יסוד.

דערום מיינען מיר אַז די אינטערעסען פֿון דער קאָלאָניזאַציאָן פֿערלאַנגען אין גאַנצען אָבצושאַפֿען דאָס סיסטעם פֿון אַ אדמיניסטראַציע און צו געבען די קאָלאָניעס די פֿרייהייט איינצוריכטען זייער לעבען גאַנץ זעלבסטשטענדיג.

II. קיין איינציגער פּלאַן איבער די איינאָרדנונג פֿון די קאָלאָניעס האָט ניט אין זיך די זיכערהייט פֿון זיין דורכפֿיהרבאַרקייט און ניצליכקייט, ווען ער איז נור אויסגעאַרבעט געוואָרען פֿון איינצעלנע מענשען אָהן די הילף פֿון די קאָלאָניסטען און ארבייטער.

מיר מיינען דערום, אַז כדי צו ערפֿאָרשען און צו בעשליסען די אַלע פֿראַגען, וואָס זענען נוגע די קאָלאָניעס, דאַרף געשאַפֿען ווערען אין ארץ ישראל אַ בעזונדער קאָמיסיע, וועלכע זאָל בעשטעהן אויס די פּערטרעטער פֿון אַלע קאָלאָניזאַציאָנס־געזעלשאַפֿטען און אויס דעלעגאַטען פֿון די קאָלאָניסטען און אַרבייטער.

די קאָמיסיע דאַרף אויך אויפֿ'ן אָרט אויסאַרבייטען גאַראַנטיעס, ווי דאָס געלד זאָל קענען ריכטיג פֿערווענדעט ווערען און ווי עס זאָל קענען פּינקטליך אויסגעצאָהלט ווערען אין בעשטימטע טערמינען.

III. זענענדיג דער דעה, אַז די צוזאַמענזעטצונג פֿון אַזאַ קאָמיסיע אַיס אַלע פּעראינטערעסירטע טהיילען איז אַ גענוג שטאַרקע ערבות פֿאַר איהר ריכטיגע ארבייט, און אַז די לאַגע פֿון די קאָלאָניעס אין ארץ ישראל פֿערלאַנגט, אַז די הַחְלָטוֹת פֿון דער קאָמיסיע זאָלען וואָס אַם גיכסטען דורכגעפֿיהרט ווערען, מיינען מיר אַז די קאָמיסיע קען נור געגרינדעט ווערען אויף פֿאָלגענדע צוויי תנאים:

א) די קאָלאָניסטען און ארבייטער דאַרפֿען זיך קודם־כל מתחייב זיין זיך צו האַלטען אָן אַלע החלטות, וואָס עס וועלען אָנגענומען ווערען פֿון דער קאָמיסיע;

ב) צוגלייך דאַרפֿען די געזעלשאַפֿטען, וואָס שיקען די קאָמיסיע, גאַראַנטירען איהר די מעגליכקייט צו ערפֿילען איהרע .החלטות.

ביי דער שווערער אַרבייט, וועלכע דאַרף נעמען אויף זיך די פֿאַרגעשלאָגענע קאָמיסיע, און ביי דער פֿיעל צייט, וואָס עס ווערט דערצו פֿערלאַנגט, דאַרף דערווייליע (איידער עס וועלען בעקאַנט ווערען די רעזולטאַטען פֿון דער קאָמיסיעס ארבייט) געוואָרגט ווערען, אַז די לאַגע פֿון די קאָלאָניסטען און אַרבייטער זאָל ניט צושטערט ווערען.

אין די געשפּרעכען, וואָס מיר האָבען געהאָט איינינע מאָל מיט דעם באַראָן ראָטשילד און מיט די פֿאָרשטעהער פֿון יק"א, האָבען מיר זיך געסטאַרעט צו בעווייזען די ריכטיגקייט און די נייטהיגקייט פֿון אונזערע אויפֿגעשטעלטע פֿאָדערונגען; וואָס אַנבעלאַנגט די ארבייטער האָבען מיר זיך געסטאַרעט צו בעווייזען, אַז די איינציגע גערעכטע און מעגליכע הילף איז זיי איינצוריכטען אין ארץ ישראל. אפשר, וועלען

---

# פֿעלעטאָן.

## גאַנץ בְּעַרְדִיטְשֶׁעוו.

(א ריכטיג בעשרייבונג פֿון דער שטאָדט בערדיטשעוו מיט אַלע איהרע אַנטיקליך).

ארויסגעגעבען פֿון

## שלום־עליכם.

פֿאָרטזעצונג.

תיכף נאָך נח דעם שווייצאַר שפּאַרט זיך דורך דער משרת פֿונ'ם האָטעל מיט די גרויסע שטיוויל. איינער פֿון די צוויי אַקטיאָרען וואָס שטעהען ביי דער טיהר דערלאַנגט איהם א זעץ פֿון הינטען און שטופּט איהם אַריין אין טהעאַטער אריין.

נאָך איהם זעה איך פֿערשיעדענע פּאַרשוינען שפּאַרען זיך דורך מעהרסטענטהייל אָהן בילעטען. צווישען די פּאַרשוינען דערקען איך מיין בעל־הבית פֿון דעם „האָטעל טערקאַליע" מיט עפּיס אַ יודינע זעהר א גראָבע, וואָס געהט ווי אויף רעדליך און קאַטשעט זיך, ווי אַ קאַטשקעלי.

— אַ? איהר זענט אויך דאָ? — מאַך איך צום בעל הבית און פֿערגעס אז ער איז טויב ווי די וואַנד.

— ניישקשה! — ענטפֿערט ער מיר און שרייט אויף אַ קול, גלייך ווי איך וואָלט דאָ געווען דער טויבער — ווי זינגען קיין מעשה ניט!

— איהר זענט דאָ דאָס ערשטע מאָל? — פֿרעג איך איהם.

— ס'איז רב ליפּעס שטאָל — מאַכט ער צו מיר — א גאַנץ יאָהר האַלט מען דאָ בְּהֵמוֹת, אָדער פֿערד...

— קום. שוין קום! — רופֿט זיך אָן צו איהם די גראָבע און טהוט איהם אַ שלעפּ ביי דער פּאָלע, און זיי געהען אַוועק ביידע און בעזעצען זיך גאַנץ אויבען אָן.

— הערט נאָר, איהר אקטיאָרען! .וואו זענט איהר ערגיץ?

אזוי רופֿט זיך אָן איינע אַ דאַמע מיט א הוט, מיט אַ ווייסען פֿעדער, און מיט בריליאַנטען, און נעבען איהר שטעהט אַ קאַוואַליער מיט א קאַפּעליש און מיט א געשערען בערדיל.

עס שפּרינגט אונטער איינער פֿון די אַקטיאָרען, א בחור מיט אַ קורץ זעקיל, מיט אַ קויטיג העמד און מיט א הונגעריג פנים.

— וואָס וועט איהר עפּיס זאָגען, מאַדאַם?

— וואָס הייסט וואָס וועל איך זאָגען? — מאַכט צו איהם די "מאַדאָם" — מיר האָבען דאָך געקויפֿט בילעטען, פֿאַר וואָס ווייזט מען אונז ניט אונזערע ערטער?

דער לאַנגער אַקטיאָר מיט'ן הונגעריגען פנים נעמט ביי זיי די בילעטען און פֿיהרט זיי צו גאַנץ אויבען אָן און וויל זיי בעזעצען, ווענען פֿערנומען אַלע בענקליך.

— זייט זשע מוחל, איהר האָט זיך געזעצט ניט אויף אייערע ערטער! — מאַכט דער אַקטיאָר צו אַ בחור מיט אַ מיידיל, וואָס זיצען און קנאַקען ניסליך פֿון איין שקאַרמוציל.

— ווער האָט אייך געזאָגט, אַז מיר זיצען נישט אויף אונזערע ערטער? — זאָגט דער בחור און טהוט זיך זיין אַרבייט.

— ווייזט אייערע בילעטען! — זאָגט צו זיי דער אַקטיאָר און נעמט ביי זיי די בילעטען און ווייזט זיי וואו זיי דאַרפֿען זיך זעצען, אַ סך נידעריגער.

— וואס הייסט — מאַכט דער בחור — איחר וועט אונז זאָגען דעות וואו מיר זאָלען זיך זעצען? וואָס איז דאָ, לְהַבְדִּיל אַ שול צי וואָס?

דער אַקטיאָר לאָזט זיך אריין מיט איהם אין אַ לאַנגען שמועס. דער בחור מיט'ן מיידיל ריהרען זיך ניט פֿון די ערטער און קנאַקען ניסליך. דער

מיר מיט דער צייט מודיע זיין אונזערע פֿערהאַנדלונגען מיט אַלע זייערע פרטים, איצט אָבער ווילען מיר זיך נור בענוגענען מיט דעם קורצען איבערגעבען פון די רעזולטאַטען נאָך די איינצעלנע פּונקטען.

I. די זעלבסטשטענדיגקייט פֿון די קאָלאָניעס איז פֿון אונז ניט דערגרייכט געוואָרען. אונזער איבערציינונג, אַז מען קען ניט קאָלאָניזירען, ניט פֿרעגענדיג די מענשען, וועלכע מען קאָלאָניזירט, האָט זיך בעגעגענט מיט דער גלייך פעסטער מיינונג פֿון דער אַנדער זייט, אַז עס וועט זיין אונמעגליך איבערצומאַכען די קאָלאָניעס, אויב מען וועט דאַרפֿען אַלץ פֿרעגען ביי די קאָלאָניסטען. אין דעם איז דער אַנדער צד געשטאַנען אַזוי פֿעסט, אַז האָטש עס איז פֿיעל גערעדט געוואָרען וועגען דעם פּונקט פריוואַט, האָבען דאָך די איינצעלנע מיטגליעדער פֿון דער פּאַלעסטינער קאָמיסיע ניט געוואָלט צונויפֿרופֿען אַ פֿערזאַמלונג, כדי צו בעהאַנדלען די דאָזיגע פֿראַגע אָפֿיציעל. אָבער ניט איינשטימענדיג מיט אונז אין די פֿראַגע איבער די זעלבסטשטענדיגקייט פֿון די קאָלאָניסטען שוין אויף איצט, מיינען דאָך די היגע טהוערס, אַז די קאָלאָניסטען דאַרפֿען קריגען זייער זעלבסשטענדיגקייט אין דער צוקונפֿט — דאַן, ווען די קאָלאָניעס ווילען קענען אַליין שטעהן אויף זייערע אייגענע פֿיס און ווען זיי ווילען אויסצאָהלען זייערע הובות. זייער ציעל איז — האָבען אונז דאָ געזאָגט די היגע עַסְקָנִים — צו ברייננען, אַז די קאָלאָניעס זאָלען מיט דער צייט קענען לעבען אַליין אָהן פֿרעמדע הילף, ווי זייער לאַגע זאָל ניט זיין. — ביז צו יענער צייט אָבער מוז זיין איין אַדמיניסטראַציע, וועלכע דאַרף נעהמען אויף זיך ניט די גאַנצע אַרבייט, נאָר די נייטהיגסטע, און אין דעם אינוועניגסטען לעבען פון די קאָלאָניעס דאַרף זי זיך כלל ניט מישען. די זעלבסטשטענדיגקייט פֿון די קאָלאָניעס אין זייער אינוועניגסטען לעבען, זייער פֿערייניגונג אין איין בונד ווערען אויך דאָ געהאַלטען פֿאַר גוט און ניטצליך, האָטש זיי זענען נאָך אָפֿיציעל דאָ ניט בעשטעטיגט.

II. בעסער זענען די ידיעות, וואָס מיר קענען ברייננען איבער די קאָלאָניעס, וועלכע געפֿינען זיך אונטער דעם שוץ פֿון באַראָן. אַלע, וואָס האָבען דאָ נור אַ שייכות צו דער זאַך, האָבען אונז צוגעזאָגט, אַז די קאָלאָניסטען פֿון זיינע קאָלאָניעס ווילען אַלע איינגעריכט ווערען און נאָך דעם פּלאַן וועלכען אויך מיר האַלטען אַלע פֿאַר דעם בעסטען, ד. ה. אַלס קאָלאָניסטען־פֿעלדאַרבייטער. פֿיעל ערד איז שוין געקויפֿט געוואָרען, ערד וועט מען נאָך אויך ווייטער קויפֿען, און די קאָלאָניסטען (די וואָס האָבען ביז איצט געליטען פֿון צו ווייניג ערד) ווילען אַלע בלייבען אין ארץ ישראל, ברייננען די קאָלאָניעס ביז צו דער מדרגה, אַז זיי זאָלען אַליין קענען שטעהן אויף זייער אייגענע פֿיס — דאָס בעטראַכט די קאָלאָניזאַציאָנסגעזעלשאַפֿט — אַזוי האָט אונז געזאָגט איהר פרעזידענט נארסים לעווען — פֿאַר איהר הייליגסטען חוב.

III. וועגען דעם אַריינגעהמען וויינטרויבען אין די קעלערס האָט מען אונז געזאָגט, אַז די וויינטרויבען פֿון דעם באַראָנס קאָלאָניעס וועט מען אַריינגעהמען אין גאַנצען און פֿון די אַנדערע קאָלאָניעס — וויפֿיעל עס וועט נור זיין מעגליך. ליידער אָבער ווילען די מקחים מסתמא נעזעצט ווערען נאָך נידריגער, ווייל מען מוז זיך דאָך פֿאָרט רעכענען מיט די קליינע מקחים, וואָס זענען איצט אויפֿ'ן מאַרק.

IV. טרויריגער זענען די ידיעות, וועלכע מיר קענען ברייננען איבער די אַרבייטער. דאָ, האָבען מיר געזעהן, פֿיהלט מען ליידער ניט קיין שום התחייבות צו זיי און מען האָט אויך ניט דעם וואונש, זיי מיט אַלע מעגליכקייטען איינצוהאַלטען אין לאַנד. פֿון דעסטוועגען האָט

---

לאַנגער אַקטיאָר מיט'ן הונגעריגען פנים פרובט זיך ביי אַלע איבעריגע פאַרשוינען וואָס אין טהעאַטער, נאָר דאָס גאַנצע פובליקום זיצט אויף די ערטער גאַנץ פֿעסט, קיינער וויל ניט אָבטרעטען, האָטש נעם פיהר אַרויס דאָס גאַנצע טהעאַטער מיט געוואַלד.

די דאַמע מיט'ן ווייסען פֿעדער און מיט די בריליאַנטען בייזערט זיך, „וואָס איז דאָס פֿאַר פֿאַראַדקעס אין באַדריפעטשער טרעיאַטאר?“ זי שריימע זאָל איהר אומקעהרען איהר געלד וואָס זי האָט בעצאָהלט פֿאַר די בילעטען! וואו איז ערגיץ לאָזער גאַראַדאָוואָי?!...

עס בלייבט אַז מע זאָל ברענגען עקסטראַ פֿון איהרעטוועגען צוויי שטוהלען און עס ווערט אַביסיל שטילער.

ביסליכווייז ווערען אָנגעצונדען די לעמפליך, וואָס רויכערען און לאָזען זיך הערען מיט אַ שאַרפֿען ריח פֿון נאַז. איינציגווייז בעווייזען זיך די כלי־זמר ביי דער סצענע, וואָס איז איבערגעצויגען מיט אַ ליילעך. פֿריהער פֿון אַלע קומט צו געהן דער באַס, אַ גרויסער יוד מיט גראָבע פאות און מיט בייזע אויגען ווי ביי אַ גזלן, באַלד נאָך איהם בעווייזט זיך דער קעסילפויק, אַ האָרבאַטער בחור מיט אויסגעקראַכענע האָר. נאָכדעם קומט דער טראָמייט, אַ נידעריגער יוד מיט גראָבע ליפען, דער פֿלייטיסט מיט אַ טשאַחאַטקע פנים, און אַ טרובאַטש מיט גנבה'שע אייגעליך, וואָס לויפֿען אַהין און אַהער, און אַ צוויי דריי יונגע לייט מיט פֿידלען, און ערשט אויפֿ'ן סוף דער ערשטער פֿידלער, דער עלטסטער פֿון אַלע כלי־זמר, דער דעריזשאָר, — אַ רויטער בחור מיט אַ ווייסע פּאַפּירענע מאַנישקע מיט אַ קורצען פּידזשאַק, מיט שטאַרק אָנגעפּאָמאַדעטע האָר און מיט אַ גרויסען בלויען שניפּס. ער שטעלט זיך מיט'ן פנים צום פובליקום, קנאַקט אוים אַלע פֿינגער און שמייכעלט פֿון דערווייטען צו עפּים אַ מיידיל מיט ווייסע הענטשקעליך. די גאַנצע קאַפּעליע זעצט זיך אוים און מע נעמט זיך אָנשטעלען די אינסטרומענטען. קודם כל טהוט דער דעריזשאָר אַ קלאַפּ מיט'ן סמיטשיק איבערן פֿידעלע און דער טראָמייטער מיט די גראָבע ליפען ניט אַ טאָן און תיכף נאָך איהם אַלע איבעריגע שטעלען אַ טאָן, און הויבען אָן זיך דורכרעדען אויף זייערע אינסטרומענטען: דאָס פֿידעלי פֿערגעהט זיך, וויינט און חליפעט; דער טראָמייט מאַכט האָלדיר! האָלדיר! ווי איין אינדיק וואָס מע האָט איהם שטאַרק צורייצט. דער באַס בורטשעט אינטער ווי אַ בער, און דער פֿלייט פֿייפֿט זיי אָן אַלעמען, און אינאיינעם קומט דאָס אוים אַ מישמאַש, ווי פֿון עטליכע מאות ווייבער אויף אַ יריד און אַ געפֿילדער פֿון אַסך גענז און קאַטשקעס... עס בעווייזט זיך עפּים איינער אַ יונגערמאַן מיט אַ גרינע קאַפּאָטע, טראָגט אין איין האַנד אַ פּאַק מיט פּאַפּירען און אין דער אַנדערער האַנד אַ האַלבע בולקע מיט אַ שטיקיל הערינג, און זעצט זיך אַנידער גאַנץ אויבען אָן אויף אַ קליין בענקעלע אַקעגען דער סצענע און בייסט איבער.

— ווער איז דאָס? — הער איך ווי די דאַמע מיט'ן ווייסען פֿעדער פֿרעגט ביים קאַוואַליער.

— דאָס איז זייער סופֿלירער — ענטפֿערט איהר דער קאַוואַליער.

— וואָס הייסט סופֿלירער? — פֿרעגט איהם ווידער די דאַמע.

— דאָס הייסט זייער פּירזאָגער זאָגט דער קאַוואַליער...

און פֿון יענער זייט לייליך רעדען זיך איבער די אַקטיאָרען צווישען זיך פֿון פֿערשידענע זאַכען:

— וואו איז ערגיץ פֿריידיל צו אַלדע שוואַרצע יאָהר?

— זי איז געגאַנגען צום שוסטער. זי האָט ניט אין וואָס אַרויסצוגעהן אויף דער סצענע.

— קראַנק געוועזן געהן ביי טאָג? אַ שענע פּרימאַדאָנע!...

— אַברהמ'על, טהו אוים די הויזען!

— וואָס מאַכען דיר קאַלי מיינע הויזען?

— אַ שענע באָבע יאַחנע מיט הויזען!

— איך נעה דאָך אויבען אַ קליידיל!

— איך ווייס, אַז דו טראָגסט אויבען אַ קליידיל. וואָס וועט אָבער זיין אַז מע וועט דיך וואַרפֿען אין פֿייער? דעמאָלט פֿליהסט דו מיט'ן קאָפּ אַראָב און מיט די פֿים אַרויף, וועט מען אַרויסזעהען די הויזען...

דער באַראָן ראָטשילד, ביי דעם ענדע פֿון אונזערע פֿערהאַנדלונגען, צוגעזאָגט אָבצוגעבען א שטיק לאַנד אין חורן (אַנ׳ערך פֿון 65.000 דונאַם) אויף צו מאַכען א קאָלאָניע פֿאַר די פּועלים. גלייך ווי עס וועלען נור אויסגעפֿילט ווערען אַלע פֿאָרמאַליטעטען. וואָס עס קען נאָך אָבער געדויערן א רעכט לאַנגע צייט; געלד אויף די קאָלאָניע פֿאַר אַרבייטער האָט ער זיך אָבגעזאָגט צו געבען, אויך די קאָלאָניזאַציָאנסגעזעלשאַפֿט פֿיהלט ניט די התחייבות און ניט דעם וואונש צו געבען די נייטהיגע מיטלען אויף אַ קאָלאָניע פֿאַר די פּועלים. דאָס איינציגע, וואָס מען האָט אונז צוגעזאָגט צו טהון פֿאַר די אַרבייטער, איז זיי צו געבען אַרבייט ביי דער פערמע, ביי פֿלאַנצען טאַבאַק, ביי שפּינען זייד אין ראש פּנה, אָדער ביי וועלכער עס איז פֿאַבריקאַציאָן; פֿאַבריקאַציאָן ווילען זיי אַליין ניט איינריכטען, נאָר זיי ווילען אַז דער אָנהויב און דער פֿונדאַמענט פֿון דער פֿאַבריקאַציאָנס אַרבייט זאָל געלעגט ווערען פֿון אַנדערע.

אויף אַזא אופֿן וועלען אָט די אַלע מיטלען העלפֿען נור א טהייל פֿון די אַרבייטער און נעמליך די, וועלכע האָבען געדולד און קראַפֿט איבערצוּוואַרטען די שלעכטע צייטען...

---

אזוי איז די לאַגע, וועלכע די דעלעגאַציע לאָזט איבער נאָך איהרע פֿערהאַנדלונגען. מאַכענדיג א סך הכל, מוזען מיר זי פֿערגלייכען מיט די הויפּטאויפֿגאַבען, וועלכע עס האָט אַרויפֿגעלעגט אויף אונז די אָדעסער אַסיפֿה. זיי זענען אויסגעדריקט אין צוויי פּונקטען: א) די דעלעגאַציע דאַרף זיך סטאַרען, אַז אַלע קאָלאָניסטען און אַרבייטער זאָל געגעבען ווערען די מעגליכקייט צו בלייבען אין ארץ ישראל.

ב) די דעלעגאַציע דאַרף זיך משתדל זיין, אַז ביי דער איינריכטונג פֿון די קאָלאָניסטען און אַרבייטער זאָל אָבגעטדון ווערען די־שׂטה פֿון אַדמיניסטראַציאָנען, און אַז די קאָלאָניסטען און אַרבייטער זאָל געגעבען ווערען די מעגליכקייט פֿריי און זעלבסטשטענדיג צו לעבען.

דיביידע פּונקטען איז קיינער ניט אין גאַנצען דורכגעפֿיהרט געוואָרען. די דעלעגאַציע האָט זיך דערום געשטעלט די פֿראַגע: וואָס קען זי און וואָס דאַרף זי ווייטער טהון? ביי דעם ערשטען פּונקט קענען מיר נאָך זיך זאָגען, אַז די פֿראַגע, דערהויפּט אין איהר שייכות צו די קאָלאָניסטען, איז נאָהענט צו איהר לעזונג. מיר האָבען זיך ווייטער געמוזט זאָגען, אַז ביי דער איצטיגער לאַגע האָט אונזער דעלעגאַציע מעהר ניט געקענט דערגרייכען און אַז ווייטערע טריט פֿון אונזער זייט וואָלטען געווען גאָר אומזיסט.

אַנדערש אָבער שטעהט עס מיט דעם צווייטען פּונקט. אמת, אַז די פֿריהערדיגע אַרבייט געפֿינען אַלע פֿאַר פֿאַלש, און אַז אונזערע פֿאָדערונגען אויף שפּעטער האַלטען אַלע פֿאַר ריכטיג, אָבער דערווייל וויל מען אין פאריז פֿון דער זעלבסשטענדיגקייט אין די קאָלאָניעס נישט וויסען. האָט אָבער די דעלעגאַציע אויסגעפּרופֿט אַלע מיטלען, וועלכע עס האָט איהר געגעבען די אָדעסער אסיפה? מיר האָבען גערעדט, מיר האָבען געפּרופֿט איבערצייגען, מיר האָבען געבעטען—, אָבער מיר האָבען קיין רעזולטאַטען פֿון אַלעם דעם נישט אַרויסגעזעהן. נאָך אַמאָל מוזען מיר דאָ בעמערקען, אַז אונז איז ניט געגעבען געוואָרען די מעגליכקייט געגוי אַרומצורעדען איבער די פֿראַגע, ווי עס וואָלט נור מעגליך געווען אין לאַנגע ויכוחים אויף אַ אסיפה. אונז איז דערום געבליבען נור איין מיטעל — צו פּראָטעסטירען אין נאָמען פֿון דער אָדעסער חברה, אויף וואָס מיר האָבען געהאָט רעכט לויט דער החלטה פֿון דער אסיפה.

---

— גיב מיר בעסער א ציה טהון פֿון דיין פּאַפּיראָס, דו פֿאַרכויק!...

— האָצמאַך! וואו איז דיין באָרד? פֿאַר וואָס קלעפּסט דו שוין ניט אָן די באָרד?... רבקה! שמיר דיר אָן דאָס פּנים מיט קרייד!... מנשה׳קע! מאַך דיר אַ האָרב פֿון אונטען ס׳זאָל אויסקומען בעסער!... וואו איז ערניץ די פּיס? ווער האָט געבראַכט די פּיס פֿון יאַטקע?... טויזענד מאָל האָב איך אייך געזאָגט אַז מע שפּיעלט „קאַלדוניא“ בעדאַרף זיין אַ פּוס!... דער רוח זאָל אייך נעמען! ועלוויל! וואָס ביזט דו פֿאַ א רעזשיסאָר, דו יאָלד איינער?!...

פּלוצים ווערט אַ קלאַפּעריי אין טהעאַטער אַז מען קאָן טויב ווערען. עס פֿליהט דורך איינער מיט א גלעקיל און קלינגט. עס גהעט אוועק עטליכע מינוט. דער עולם הויבט אָן ווידער צו שרייען און צו קלאַפּען. יענער לויפֿט ווידער דורך מיט׳ן גלעקיל. און אזוי עטליכע מאָל, ביז דער רויטער פּידלער חאַפּט זיך אויף, טהוט אַ מאַך עטליכע מאָל מיט׳ן קאָפּ אַרויף און אַראָב, מאַכט צורעכט דעם קאָלנער מיט׳ן בלויען שניפּס, טהוט אַ זעץ מיט׳ן שטעקעלי, און די כלי זמר שפּילען אָב „אַ שטיקיל“. הויבט דער עולם ווידער אָן צו שרייען און צו קלאַפּען, שפּילען די כלי זמר נאָך „אַ זאַך“; עס ווערט ניט שטיל ביז עס הויבט זיך אויף דער לייליך און די „שפּיעל“ הויבט זיך אָן.

צום אַלעם ערשטען געהט אַרויס א מיידיל מיט איין אינטערשט קליידיל און מיט צעפּלאָכטענע האָר. גלייך ווי עמיצער וואָלט זי נאָר וואָס אויסגעפּאַטשט, און הויבט אָן זינגען א טרויעריג ליעדיל״ פֿון איין אָרימער יתומה מ׳ט׳ן נוסח פֿון „סטאָיט גאָראַ ווּיסאָקאַיאַ! וויסאָקאַיאַ!“... און דאָס גאַנצע פּובליקום האַלט זי אונטער; פֿריהער שטיל, וואָס ווייטער אַלץ העכער און העכער, אזוי אַז מע הערט שוין מעהר ניט דאָס מיידיל זינגען, נאָר דאָס פּובליקום. שפּרינגט אַרויס איינער פֿון די אַקטיאָרען אויף דער סצענע און בעט דעם עולם „עס זאָל זיין שטיל“! דער עולם ווערט שטיל, אָבער נישט אויף לאַנג. דאָס מיידיל הויבט נאָר אָן צו זינגען, אזוי זינגט מיט איהר גאַנץ ק‍ָהל. עס שפּרינגט אַרויס ווידער אַמאָל דער איינענער אַקטיאָר נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל, ביז ער געהט אַרויס פֿון די כּלים און זאָגט זיי מיט׳ן האַרבען וואָרט:

— איהר ווערט ניט אַנשטימט ווערען? אָט רוף איך אַרויס רב לאָזער גאָראָדאָוואָי מיט דער קישקע, ווערט אַ רוח אין אייער ט... ט... אַריין...

דער עולם הערט אויף צו זינגען. נאָר מע זאָגט מבינות, איטליכער נאָך זיין פֿערשטאַנד. דער זאָגט, אַז זי קאָן אזוי זינגען ווי איך טאַנצען... דער זאָגט, אַז זי זינגט דווקא ניט שלעכט... דער זאָגט, אַז זי האָט אַ קול פֿון אַ „ריקבעט“, און דער זאָגט, אַז עמיצער זאָל איהר אונטערטראַגען אַ בולקע וואָלט ער פֿערדינט אַ מצוה... די אונטערשטע בענק שרייען ס׳זאָל זיין שטילער! נאָר עס העלפֿט ניט, ביז עס פֿליהט אַרויס אויף דער סצענע האָצמאַך, אַ יוד מיט אַ מאָדנע שטריימיל, מיט איין האַלבע באָרד, מיט לאַנגע פּאות כּמעט ביז׳ן גאַרטיל, מיט שיך און זאָקען, מיט איבערגעקעהרטע אויגען און מיט אַ האָרב אויף די פּלייצעס. האָצמאַך טראָגט מיט זיך אַ קאָשעק מיט סחורה, לויפֿט אַרום איבער דער סצענע ווי אַ משוגענער און רעכענט אויס, וואָס ער האָט צו פֿערקויפֿען: „בייטשעליך, שטעקעליך! שוועבעליך, מעסערליך! זאָקען פּאַפּירענע! קליידליך קרישטאָלענע! שפּילקעליך, בייוועליך! קויפֿט עפּיס ווייבעליך!“... און טהוט זיך אַלע מאָל אַ חאַפּ ביי די פּאות, אַ שפּרונג און אַ געשריי:

— האָצמאַך, דער רוח זאָל מעך נעמען!...

דער עולם ווערט אזוי נתפּעל פֿון האָצמאַכען, אַז עס ווערט איין איינלייניש אויף אַ האַלבע שעה. מע פּאַטשט בראַוואָ, מע שרייט „האָצמאַך!“ מע קלאַפּט מיט די שטעקענס איבער די בענק, מע וויל גאָר נישט אויפֿהערען. האָצמאַך פּרובט זיך איינשטילען דעם עולם; ער שטעלט זיך אַוועק און מאַכט מיט די הענד, הויבט מען אָן נאָך מעהר צו שרייען: „האָצמאַך! אַ טענציל, האָצמאַך!“... פּלוצים...

אייגענטליך האבען מיר געדארפט זיך ניט אבשטעלענדיג איים־פּרובירען אויך דאס לעצטע מיטעל. דריי מענשען פון דער דעלעגאציע האבען אויך פערלאנגט, מען זאל טאקי פּראטעסטירען, ווייל ביי אזא וויכטיגע פראגע, ווי ביי דער איינארדנונג און די איינריכטונג פון די קאלאניעס אויף נייע יסודות, קענען ניט זיין קיין שום פשרות. אבער די דעלעגאציע האט געהאלטען פאר איהר חוב זיך צו שטעלען די פראגע: וואס קען אזא פּראטעסט ברייננען אי פאר דער קאלאניזאציאן איבערהויפּט, אי פאר די קאלאניסטען און ארבייטער בפרט. די רעזולטאטען פון אזא טריט האבען געקענט זיין — און דאס האט אויך קיינער ניט אבגעלייקענט — זעהר געפעהרליך. עס איז שווער נביאות צו זאגען, אבער עס וואלט מעגליך געוועזען, אז דאס יונגע בוימעלע פון דער קאלאניזאציאן אין ארץ ישראל, וואלט ניט אויסגעהאלטען דעם שטורם, וועלכען די דעלעגאציע וואלט אויף איהר אנגעבראכט. האבען מיר אבער רעכט אויף אזא טריט און דערהויפּט נאך ביי דער אויבען בעשריבענער לאגע? די גאנצע דעלעגאציע, חוץ די דערמאנטע דריי מענשען, האט בעשלאסען, אז אזא טריט דארף ניט געמאכט ווערען. מיט דעמזעלבען גרויסען רוב דעות האט זי אויך בעשלאסען, אז די אינטערעסען פון דער איצטיגער קאלאניזאציאן, וועלכע איז מיט אזוי פיעל מיה און קרבנות אויפגעבויט געווארען, דארפען זיין פאר איהר הייליג און טייער, און אז זי דארף קיין שום זאך נישט טהון, וואס וואלט נור זיי געקענט אנטהון שאדען.

מיט די לעצטע ההלטות האט זיך געענדיגט די ארבייט פון דער דעלעגאציע אין פאריז, אבער ניט איהר ארבייט איבערהויפּט. דער דעלעגאציע איז געשטעלט געווארען אויף דער אסיפה אין אדעס געוויסע ציעלען, די ציעלען זענען נאך ניט דערגרייכט געווארען, דערום דארף זי אויך ווייטער ארבייטען, כדי די דאזיגע ציעלען צו דערגרייכען. ווי און אין וואס זאל בעשטעהן די ווייטערדיגע ארבייט, דאס דארף די דעלעגאציע בעשטימען, אבער נור די דורכפיהרונג פון די געשטעלטע צוועקען אדער איין אנדער אסיפה קענען די דעלעגאציע בעפרייען פון איהר ארבייט. די דעלעגאציע האט דערום בעשלאסען איהר ארבייט איצט ניט איינצושטעלען, ביז איינער פון די צוויי אנגערופענע תנאים וועט נישט ערפילט ווערען. עס איז נור צו ווינשען, אז וואס גיכער זאל ערפילט ווערען דער ערשטער תנאי.

אין נאמען פון דער דעלעגאציע

פאריז 6/19 מאי 1901. — י. וו. טשלענאוו.

---

# דער פינפטער קאנגרעס.

(פון אונזער וויענער קארעספאנדענטען).

פון א זעהר זיכערער קוועלע האב איך געהערט, אז מען רעכענט דעם היי־יאהריגען קאנגרעס אבצוהאלטען ניט פריהער ווי אין אקטאבער, נאר גיכער קאן זיין, ער זאל אבגעלענט ווערען ערשט אויף דעצעמבער, ווייל דער אקציאנס־קאמיטעט וויל ערשט דאן צונויפרופען דעם קאנגרעס, ווען ער וועט שוין האבען בעשטימטע פאקטען אין ערפאלגען. חוץ דעם וויל מען, אז צום קאנגרעס זאל די באנק שוין קענען געעפענט ווערען. דאס פראגראם פון קאנגרעס וועט בעשטעהען פון די דאזיגע פונקטען:

1) די אלגעמיינע לאגע פון די יודען — רעפערענט מאקס נארדוי.

2) בעריכט פון אקציאנס־קאמיטעט — ד"ר קאקעש און ארכיטעקטאר מארמארעק.

3) די פראגען איבער דאס קערפערליכע, גייסטיגע אוןווירטשאפטליכע לעבען. דער פונקט צופאלט אין איינינע טהיילען:

---

פלוצים האט עפּים געגעבען א פאטש מיט די פלינעל, א פליה פון אויבען אראב און א פאל גלייך אויפ'ן ד.וט מיט'ן ווייסען פעדער פון דער דאמע מיט די בריליאנטען. די דאמע הויבט אן פאר שרעק צו חלשען און אין טהעאטער ווערט מיט אמאל א בהלה מיט א געשריי: „געוואלד, יודען, ראטעוועט! ראטעוועט!" איינער האט א געשריי געטהון: „עס ברענט!" — און מעהר האט מען נישט בעדארפט. ס'איז געווארען א שפרונגעניש איבער בענקליך, א שטופעניש, א קויעטשעניש, א לויפעניש איבער קעפ צו דער טיהר מיט א געשריי: „חאסי וואו ביזט דו?... יענקיל אהער!... רבקה, האלט זיך!... מאטיל, איך שטארב!... ברכה, שריי ניט!... בעני, וואו איז יענטיל... מאמע, אט בין איך, מאמע! מאמע!"...

נאך אין מינוט וואלט פון אונז אלעמען געווארען א תל אין איין כהרף עין. א גליק וואס נה דער שווייצאר פון מיין האטעל איז געפאלען אויף א שכל, און האט אונז אלע אויסגעלייזט פונ'ם טוידט. ער איז ארויפגעשפרונגען אויף א בענקיל און האט זיך אנגערופען צום פובליקום אויף א געמבע:

— שוטים! נאראנים! ליימענע גולמ'ם! גלאטע בהמות! ציגענע בערד! נארישע גארגלען! ווייבערשע נשמות! וואס פולדערט איהר? וואס שרייט איהר? וואהין לויפט איהר? אט ווערט פון אייך באלד א פרעושעניצע! טפשים! פאר ווענען האט איהר אייך דא איבערגעשראקען? פאר א נאריש עוף? איהר זעהט דען ניט, אז איין עוף איז אראבגעשפרונגען פון דער „סידעלע"? רב לאזער, וואס שווייגט איהר! שטעלט אן די קישקע!... כלי־זמרים! א רוח אין אייער ט... אריין, א פריילינס טאדערידעריראדערי־דעראדערידע!!!

די כלי זמר חאפען אב א פריילינס און דער עולם הויבט זיך אן אויסצוזעצען צוריק אויף די ערטער... איך גנב'ע מיך ארוים פאוואלינקע פונ'ם טהעאטער, האפ א ביידיל און היים מע זאל מיך פיהרען אויף דער סטאנציע, אין האטעל טערקאליע". דאס ביידיל העצקעט מיך איבער די שטיינער און שטעלט זיך אב אלע ווייל און העצקעט ווייטער.

— וואס שטעלט איהר זיך אב אלע מינוט? — פרעג איך דעם בעל־עגלה.

דער רוח ווייסט זיי! — ענטפערט ער מיר — וויא! עס האט זיך זיי פערגליסט בעלייכטען אונזער באדריפעטשער בלאטע, האבען זיי אויסגעקלעהרט עפּים א מין בעלייכטונג, „לאמטעדערידעמס" אזעלכע, וואס איבער זיי קאן מען נישט פאהרען, מחמת די פערדליך שרעקען זיך פאר די סטאפעס. זיי זענען נישט געוואהנט געווארען ביי אונז מע זאל זיי בעלייכטען, וויא!... אלע מאל, אלע מאל, קלעהרט מען צו א נייע צרה: פריהער א טראמבליק, איינגעזונקען זאל ער ווערען! וויא!... נאכדעם לאמטעדרידעמס אויף צו שרעקען די פערד, און איצטער זאגט מען ווערען זיי שוין פערוועהרען דאס וואסער פון דער גנילאפיאטקע... זיי גראבען עפּים ברונענס אזעלכע, און זאגען אז דאס וואסער פון די ברונענס איז בעסער ווי דאס וואסער פון דער גנילאפיאטקע. וויא!... עס וועט זיי, מאלט אייך, העלפען ווי א טוידטען באנקעס, מחמת די וואסערפיהרער זאגען, אז זיי זאלען וויסען דער טוידט זאל זיי זיין וועלען זיי ניט דערלאזען, אז באדוייפעטש זאל טרונקען נאר ברונען־וואסער! וויא!... זיי ווייסען שוין נאר ניט וואס אויסצוטראכטען, די נגידים ברענען זאלען זיי! מע זאגט או עס וואכסט יאקבי פון יעהופעץ... די יעהופעצער נגידים פעהלט אפנים נור קאפּוועהטינ? וויא!... זיי זיצען און ברעכען זיך די מוחות, ווי אזוי נעמט מען צו ביי יודען פרנסה, אויסרייסען ביים ארימאן דעם לעצטען ביסען ברויט פונ'ם מויל... א מיתה מהומה זאל אויף זיי קומען דארטען אין יהופעץ! וויא קינדער, וויא!...

(פארטזעצונג קומט)



א) אלגעמיינער טהייל—רעפערענט דער רעדאקטאר פון דער "וועלט" הערר ב. פייוועל.

ב) די הויבונג פון די קערפערליכע קרעפטען — ד"ר שנירער און ד"ר בערנשטיין־כהן.

ג) פאלקסבילדונג און פאלקסערציהונג — הערר מ. ראזענבוים פון מינסק.

ד) יודישע וויסענשאפט און קונסט — ד"ר נאסיג.

ה) די העברעאישע שפראך און ליטעראטור — ד"ר ל. כהן פון וויען.

ו) ווירטשאפטליכע פראגען — ה. ל. מאצקין פון בערלין.—

4) ארגאניזאציאן — ה. ד"ר הערצל מיט רעפערענטען אויך פון אנדערע לענדער.

5) קאלאניאלבאנק — פראפ. בעלקאווסקי פון פעטערבורג.

6) נאציאנאלפאנד — הערר אינזשענער קרעמעניעצקי פון וויען.

7) די לאגע פון די קאלאניעס אין ארץ־ישראל — ה. ד"ר טשלענאוו.

איינינע פונקטען פון פראגראם וועלען נאך מסתמא געענדערט ווערען. די הויפט־פונקטען וועלען אבער בלייבען.

דער ארט פונם קאנגרעס איז וויעדער לאנדאן.

---

## פאליטישע איבערזיכט.

די מלחמה איז געענדיגט. — א פראנצויזישער קאמאנדיר. — דער פראנצויזישער חיל. — דער פראנצויזישער פארלאמענט. — קרעטא און טערקיי.

ענדליך איז ארויס דער בעפעהל פון קייזער ווילהעלם, אז דער דייטשער חיל מיט דעם פעלדמערשאל גראף וואלדערזעע זאלען זיך אומקעהרען צוריק פון חינא אהיים. די פעראייניגטע מלוכות לאזען אי־בער אין פעקין, טיען־טסין און ביי די אייזענבאהנען קליינע אבטהיי־לונגען פון זייער חיל, און די מלחמה קען זיך שוין פון איצט אן רע־כענען אין גאנצען פאר איינגעשטילט. עס זענען נאך אפילו איבערגע־בליבען איינינע ניט וויכטיגע פראגען, איבער וועלכע עס ווערען נאך געפיהרט פערהאנדלונגען, ווי צום ביישפיעל, אין וויפיעל יאהר זאל חינא אויסצאהלען איהר קאנטריבוציע—אין 30 צי אין 40, אבער אזוי צי אזוי, פאר דעם שלום איז פון די פראגען ניטא מעהר וואס מורא צו האבען. דער "חינעזישער קייזער, דער זוהן פון הימעל, גרייט זיך שוין אומצוקעהרען אין זיין הויפטשטאדט פעקין, איבערצונעהמען צוריק די הנהגה פון זיין מלוכה. איבער די איבערגעבליבענע סאלדאטען פון די פעראייניגטע מלוכות ווערט געפלאנט צו שטעלען איין פראנצויזישען גענעראל, וועלכער זאל איבערנעהמען איצט וואלדערזעעס שטעל. די פראנצויזען זענען זעהר שטאלץ מיט אזא אויסצייכנונג, חאטש דער כבוד פון אזא שטעל, בעת די מלחמה איז שוין געענדיגט איז זעהר קליין. אלע געדיינקען נאך געווים, ווי מען האט געלאכט פון וואלדער־זעען, וועלכער איז געקומען קיין חינא בעת דער שווערסטער טהייל פון דער מלחמה איז שוין געווען דורכגעמאכט. מען האט אין דייטשען פארלאמענט געזאגט, אז די ארבייט, וועלכע איז איבערגעבליבען וואל־דערזעען האט געקענט איבערנעהמען דער ערשטער בעסטער אונטער־אפיציר; מען האט ווייטער געזאגט, אז עס איז איין עבירה דער כבוד, וואס מען טהוט איהם אן אומזיסט א. ז. וו.—היינט קען מען זיך שוין פארשטעלען, ווי וויכטיג עס קען זיין די ראליע, וואס עס וועט אויס־קומען צו שפילען דעם פראנצויזישען גענעראל; נאר די פראנצויזען זענען אזוי פערליעבט אין זייער חיל, אז ווי עס קומט נור אן צו ענינים פון זייער ארמעע פערלירען זיי זייער שכל. די פראנצויזען קענען נאך אליך ניט פערגעסען עלזאס און לאטהרינגען און אין דער ליעבע צום חיל ווילען זיי דערשטיקען זייער טרויער איבער די פערלארענע לענדער און שטארקען די האפענונג אויף נקמה. דער דייטשער קייזער אבער טהוט פון זיין זייט אליך, וואס עס קען נור איינרוהיגען די פראנצויזען. ביי יעדער שמחה און ביי יעדער צרה, וואס קומט נור איבער פראנק־רייך, איז דער קייזער ווילהעלם אלע מאל דער ערשטער, וועלכער דריקט אויס זיין מיטגעפיהל צו דעם גרויסען און איידעלען פראנצויזי־שען פאלק. אויך איצט ביי א מאהלצייט, צו וועלכען עס זענען געווען פערבעטען פראנצויזישע אפיצירען, האט דער קייזער ווילהעלם בענוצט די געלעגענהייט אום צו האלטען א דרשה איבער די פריינדשאפט, וואס איז געווען צווישען דעם פראנצויזישען און דייטשען חיל אין חינא און האט געטרונקען לחיים פאר דעם פראנצויזישען חיל. דעם קייזער וויל־העלמס רעדע איז פון די מעהרסטען פראנצויזישע צייטונגען פערשווי־גען געווארען, אנדערע אבער האבען דערביי דערמאנט, אז פראנקרייך וועט זיך פון עלזאס און לאטהרינגען קיין מאל ניט אבזאגען און אז א געזיכערטער פעסטער שלום צווישען די ביידע מלוכות קען נור זיין מיט דעם תנאי, אז דייטשלאנד זאל צוריק געבען די איינגענומענע פראנצויזישע מדינות.

דער חיל נעמט צו פון פראנק־רייך פיעל מעהר מענשען ווי אין אלע אנדערע לענדער פון דער וועלט. פון לגאטעס ווייס פראנקרייך ניט, און בעת אויף 1,000 ערוואקסענע מאנסבילען (פון 21 ביז 60 יאהר) געפינען זיך אין פראנקרייך אין דער צייט פון שלום 53 סאל־דאטען, קומט אויס אויף דיזעלבע צאהל מענשען אין דייטשלאנד 48 סאלדאטען, אין עסטרייך 34, אין רוסלאנד 33 און אין איטאליען 37. אויף איהר פלאט גיט פראנקרייך אויס 320 מיליאן פראנק א יאהר, אויף איהר חיל אין די קאלאניעס 220 מיליאן, אבער די פאטריאטען די אמת'ע און פאלשע קענען זיך נאך אליך ניט בענוגענען. די קריטי־קער זענען מודה, אז פראנקרייך גיט אויס גענוג געלד אויף איהרע שיפען און אויף איהרע קאלאניעס (אויפ'ן פלאט גיט נור ענגלאנד אויס מעהר פאר פראנקרייך), זיי געפינען אבער, אז דער פראנצויזישער חיל אין אייראפא איז צו קליין און ניט גענוג שטארק אין דער צייט פון א גרויסער סכנה. עס ווערט דערום איצט וויעדער אגיטירט צו פערשטאר־קען דעם פראנצויזישען חיל.

דאס געזעץ וועגען די פעראיינען געהט אין גיכען איבער אין סע־נאט. מען איז זיכער, אז דער סענאט וועט אויך אננעהמען דאס געזעץ, וואס איז שוין פריהער אנגענומען געווארען פון פארלאמענט. אלענ־פאלס וועלען אויך אין סענאט ניט פעהלען איבער דעם פעראיינסגעזעץ הייסע ויכוחים. אין פראנקרייך איילט מען זיך שוין אונטער. מען רע־כענט דעם ערשטען יולי צו שליסען דעם פארלאמענט, כדי צו געבען די דעפוטאטען מעהר צייט זיך צוצוגרייטען צו די נייע וויבאר־עס.

טערקיי האט נור וואס געענדיגט איהר סכסוך וועגען די פאס־טען, פון וועלכען זי האט אזוי מאוס אבגעשניטען, און עס שטעהט איהר שוין פאר א צווייטער סכסוך, וועלכער קען זי ברייננען אין נאך א שווערערע לאגע. ווי אונזערע לעזער געדיינקען, איז נאך דער גריי־כיש—טערקישער מלחמה די אינזעל קרעטא געבליבען אונטער טערקיי'ס הערשאפט, די אינזעל האט אבער געקראגען איין איינענעם פארלאמענט

און פאַר אַ גענעראַל־גובערנאַטאָר פון דער אינזעל איז פון די אייראָפּעאישע מלוכות אויפגעשטעלט געוואָרען דער גריכישער פּרינץ געאָרג. עס איז פון אָנהויב אָן שוין קיין ספק ניט געוועז, אַז פריהער אָדער שפּעטער וועט קרעטא דאָך זיך פעראייניגען מיט גריכענלאַנד. די טערקישע רעגירונג האָט לאַנג ניט געוואָלט בעשטעהן אויף אַ גובערנאַטאָר פון דעם גריכישען קעניגליכען הויז, אבער זי האט געמוזט נאָכגעבען דעם פערלאַנג פון אייראָפּא. דעם לעצטען ווינטער איז געאָרג אַרומגעפאהרען איבער אייראָפּאַ און האט בעזוכט אַלע הויפּטשטעדט. עס איז געוועזן קלאָר, אַז ער סטאַרעט זיך צו קריגען די הסכמה אויף די פעראייניגונג מיט גריכענלאַנד. טערקיי האָט פּראָטעסטירט, האָט מען דאַן דעם צוועק פון געאָרג׳ס נסיעה מיט אַ האַלבען מויל אָבגעלייקענט. איצט אָבער, אַז די גריכען אין קרעטא האבען דערזעהן די שוואַכקייט, וועלכע טערקיי האָט אַרויסגעוויזען אין דעם סכסוך איבער די פּאסטען זענען זיי ביי זיך שטאַרקער געוואָרען און אין פּאַרלאַמענט אָנגענומען אַ בעשלוס צו פעראייניגען די אינזעל מיט גריכענלאַנד. די טערקישע דעפּוטאַטען האָבען פּראָטעסטירט, אָבער די גריכישע דעפּוטאַטען, וועלכע זענען אין אַ גרעסערע צאָהל, האָבען דעם בעשלוס דאָך דורכגעזעצט. דער בעשלוס האָט אַרויסגערופען אין גאַנץ גריכענלאַנד אַ גרויסע התלהבות. וואָס וועט ווייטער זיין, קען מען נישט וויסען. אייראָפּא וועט געוויס זעהן צו העלפען די קריסטען, ווייטער איז אויך קלאָר, אַז די התלהבות וועט גריכענלאַנד איצט צו אַ מלחמה ניט ברייננען, ווייל זי געדיינקט נאָך גאַנץ גוט די גרויסע מפלה, וואָס זי האָט געהאָט פון טערקיי ערשט מיט פיער יאָהר צוריק. י. ל.

---

## בריעף פון ווארשוי.

דער ווינטער האָט זיך אַזוי וואהל, אַזוי פיין אויסגעפיהרט...

אין רעדער און רעדליך האָבען מיר אַזוי פיין, אַזוי הויך, אַזוי ערנסט גערעדט; טהייל אפילו מיט התלהבות, מאַנכע האָבען זיך דעם האַלז געריהרט!

און צום סוף ווינטער, אַז מען דערפיהלט, אַז דאָס „רעדלען“ ענדיגט זיך, עס געהען די זומערדיגע ימים־טובים — פסח און שבועות, נאָך שבועות וועט מען זיך צושפּרייטען אויף שבעה ימים, ווער קיין אויסלאַנד — אויף די גלעטשער אין דער שווייץ אין צי ערגיץ אין אַ וואַריס־באָד, ווער אויף זומער־וואָהנונגען — אַז מען האָט דאָס דערפיהלט, איז מען געוואָרען פרייער, לעבענדיגער, האָט מען נאָך וויכטיגערע זאַכען בעשלאָסען:

מען מוז עפענען איין אבטהיילונג פון דער פּעטערבורגער מַרְבֵּי הַשְׂכָּלָה בְּיִשְׂרָאֵל אין ווארשוי. און אוֹמֵר וְעוֹשֶׂה — אויסגעגעבען 7 קאָפּ אויף אַ מאַרקע, און געשריבען קיין פּעטערבורג, געוואָהר צו ווערען, ווי אַזוי מען עפענט איין אָבטהיילונג. איינער האָט גענומען אויף זיך, אהיים געהענדיג, אַריינצוּוואַרפען דעם בריעף אין פּאָסטקאַסטען, און אַ צווייטער — געוואָהר צו ווערען, צי פאָהרט נישט עמיץ פון אונזערע לייט קיין פּעטערבורג, ער זאָל קענען דאָרט איבערשמועסען „פּה אֶל פּה“...

יודישע פאָלקסליעדער געהען פערלאָרען... אין פּעטערבורג האָט מען אויפגעזאַמעלט נור די יודישע ליטווישע, מאַנכע יודיש בעסאַראַבישע; און דאָ אַרום אונז, ווערען די יודיש־פּוילישע פאָלקסליעדער טאָגטעגליך מעהר פערגעסען... מען ווייסט, אַז איינער האָט דאָ אויפגעזאַמעלט, נאָר ער האָט נישט קיין קאַפּיטאַל צום דרוקען, בעשליעסט מען — „זיי זאָלען געדרוקט ווערען!“ און צוויי פון דער פערזאַמלונג נעמען אויף זיך, דאָס נייטיגע צו פערשאַפען; עס וועט זיין! עס מוז זיין!

פון דער פאָלקס־פּאָעזיע, דערמאָנט מען זיך אָן פאָלקס־מוזיק, אָן יודישע מוזיק בכלל, — עס דאַרף געשווינט ווערען, עס טאָר נישט געהן לְאִבּוּד, חס־ושלום! אַ זינגער־פעראיין מוז מען מאַכען, טהייל ווילען אַ יודיש־מוזיקאַלישע געזעלשאַפט, אַזוי ווי עס מאַכט זיך אין לאָדז...

און מען האָט ווייטער אַסיגנירט 7 קאָפּ אויף אַ מאַרקע און געשריבען קיין לאָדז; מען דאַרף וויסען, וואָס זיי טהוען דאָרט...

און אַ קלוב דאַרף מען פאַר בעלי מלאכות! און אַ יודישע חברה, וואָס זאָל זאָרגען פאַר יודישע אָרימע מיידליך, זיי זאָלען נישט אַראָבגעהען פון דרך־הישר... עס וועט אפשר העלפען „ווי אַ טויטען באַנקעס“, נאָר אַז זיי מאַכען און נור פאַר זיך — מוז מען זיי וויזען, וואָס מיר קענען!

און נלאַט אַ יודישען קלוב דאַרף מען! צוזאַמענקומען זיך אָפען, פריי, און אַ גרויסער עולם; טאַקי רעדען, טאַקי אַלץ פריי און אָפען איבערשמועסען...

צו דעם אַלעם, נאַטירליך, דאַרף מען געלד, — וועט זיין! די רעדליך און רעדער שליעסען זיך אויף פסח, פון שטאָדט אַרויס פאָהרט מען ערשט נאָך שבועות, צווישען פסח און נאָך שבועות איז אַ וועלט מיט צייט, און עס איז דאָ אַ וועלט מיט נבירים, וואָס גיבען געלד, און פיס ברוך־השם האָבען מיר... עס וועט זיין!

נאָר „אַ מענש דענקט און גאָט לענקט“!

פיס האָבען מיר און נבירים האָבען מיר, און מען געהט צו די גבירים, און מען קלינגט ביי די טיהרען, און מען קלאָפּט אָן ביי די הערצער — נאָר שוין נאָר אויף אַנדערע זאַכען!

פאַר הונגעריגע בעטעלט מען, פאַר נשרפים...

---

אין וואַרטע־צימער ביי אַ פערנומענעם גביר טרעף איך מיך מיט אַ רבי׳ל.

ער דאַרף אויך אַ נדבה.

— פאַר הונגעריגע? פרעג איך.

— ניין...

— פאַר נשרפים?

— ניין... עפּיס אַנדערש... אַ יודישע זאַך...

— וואָס פאַר אַ יודישע זאַך?

דאָס רבי׳ל שווייגט.

ווי דער שטייגער איז, לאָזט אַ פערנומענער גביר לאַנג אויף זיך וואַרטען, און צווישען מיר מיט׳ן רבי׳ל מאַכט זיך דערווייל אַ געשפּרעך.

— שלעכטע צייטען, זיפצט דער רב.

— איך האָב געמיינט — פערקעהרט. אַז איהר, רבנים, האָט גוטע צייטען! דאָס וואַסער געהט אויף אייער מיהל! אייער יום־טוב, רבי!

— וואָס איז!

— דער עולם געהט צוריק! אפּקורסים ווערען...

— ציוניסטען?

נישט גראָד ציוניסטען; מען ווערט פרום. פּוֹשְׁעֵי־יִשְׂרָאֵלים טהוען תשובה! מען הויבט אָן צוריק צו גלויבען, צו דאַווענען, צו שלאָגען זיך על־חטא... די פרייעסטע מענשען, די קלינגסטע קעפּ, הויבען אָן קלערען: טאָמיר יאָ...

וואָס מען האָט נעכטען געהאַלטען פאַר אַ שֶׁקֶר שֶׁבִּשְׁקָרִים, ווערט היינט אַ „מוּטָל בְּסָפֵק“ — עס קען זיין, זאָגט מען, מעגליך איז אַלץ!

מאָרגען וועט עס ווערען איין אמת! מען וועט אייך אין אַלעם גלויבען!

— איהר אויך?

— אפשר איך אויך... איך פיהל ביי מיר אויך אַ שנוי...

— למשל?...

— אָט למשל אין איוב'ן, פלעג איך יונגיל־ווייז נישט גלויבען...

— אוודאי געהערט: אַ מַאן דְאָמַר: "איוב לא הָיָה ולא נִבְרָא"— אַ משל געווען! הא? איהר האָט נור דריי גמרא'ות; איוב איז אַ משל.. . עוף וּנְבֵינָה נְאֲכָלִים באפּקורן... אין משיח לישראל... די רעשט האָט איהר אונז איבערגעלאָזט...

— נישט דאָס, רבי! איך האָב נאָך פון די "מאַן־דאמר'ס" נישט געוואוסט, עס האָט מיר גלאַט אויסגעזעהן משונה־ווילד...

— דהיינו? איוב'ס עשירות?

— אָה ניין, רבי! כלבא שבוע האָב איך פאַר מעהר עושר גע־האַלטען און דוקא געגלויבט! ראָטשילד, האָב איך געוואוסט, שטעקט אַריין איוב'ס מיט כלבא שבוע'ס עשירות אין וועסטיל־קעשענע אויף הוצאות קטנות, און אַ פאַקט — ער לעבט עד היום... זיינע קאָלאָניעס אין ארץ־ישראל קאָסטען אוודאי מעהר... און גלאַט — 7000 שאָף, 3000 קעמלען, 500 פאָר אָקסען און 500 אייזעל — מאַי כּוּלֵי הַאי? נישט איין פריץ אין דער געגענד האָט אַ גרעסערן אינווענטאַר געהאַט... עס זענען אַרום שטעדטיל רייכערע פריצים געוועזען; די זיהן זייערע האָבען מ'ע ה ר ווייִן געטרונקען, און — נאָך מעהר פערגאָסען ווי גע־טרונקען...

— וואָס דען? (אונגעדולדיג:) דער הימעל, דער בית־דין של מעלה...

— ניין, רבי! איך האָב ישעיה געקענט... גרעסערע און שענערע וואונדער געזעהן...

— (איראָניש) אָדער דער שטן?!

— אויך נישט, רבי! דער שטן, וואָס קומט "מְשׁוּט בָּאָרֶץ" וואָס קוקט זיך צו, ווי אַ וועלט פיהרט זיך און גלויבט נישט אין צדיקים. איז אַ נאַטירליכע זאַך... "משוט בארץ" — ער האָט אַ סך געזעהן...

איוב'ס ווייב איז אויך נאַטירליך... אַ י ו ד ע נ ע, אַ מויל הָ אָ ט זי, ווילט זיך איהר שעלטען...

— וואָס דען?

— צוויי זאַכען האָבען מיר אויסגעזעהן ווילד!

ערשטענס — וואָס איוב, דער צדיק אין די ג ו ט ע יאָהרען, האָט געזאָלט ווערען אַ רשע אין דער שלעכטער צייט! איך האָב גערע־כענט — עס דאַרף זיין פערקעהרט: "וַיִשְׁמַן — וַיִבְעַט" שטעהט! אַ פערד, וואָס מען האַלט אין אַ טרוקענער, וואַרימער שטאַל, אויף פריש־שמעקענדיג היי און פּין־דורכגעזיפּטען האָבער, וויל אויף זיך קיין עול נישט נעהמען, צובריקערט זיך אין צוהאַקט די קאָטש, וואַרפט פון זיך אַראָב, אין דער ערשטער בעסטער בלאָטע אַריין, דעם רייטער... אָבער אַ יודישען וואַסער־פיהרערס, צי אַ יודישען בעל־עגלה'ס פערד אַרבייט מיט אָבגעשיילטע זייטען, שלעפט מיט אונטערגעשלאָגענע, געראַניעטע פיס, וואָס מען מוז, דער פּאָליציי צוליעב, באַנדאַזשירען מיט שטרוי; ביי אַ אומזיסטען שמייַן, האָט עס אפילו די העזה נישט אויפצוהויבען דעם קאָפּ מיט די אויסגערונענע אויגען, און אפילו דעם עק, אַראָב־צויאָגען איין איינגעגעסענע פליג פון פלייצע, הויבט עס נישט גערן אויף — זאָל ער עס טהון מיט דער בייטש!

און באמת — אין אונזער שטעדטיל זענען אַלע אָרימע און אָבגעקומענע יודען פרום געוועזען... דער רב מיט'ן גאַנצען כלי־קדש, מיט אלע מלמדים, מיט אַלע לומדים אין בית־המדרש, מיט אַלע תהלים־זאָגער, משניות־לערנער פון בעלי־בתים — אלע זענען אָרימע לייט געוועזען...

דאָס איז איינס.

צווי טענס האָט מיר משונה־ווילד אויסגעזעהן דער "ער (אָדער עוֹר) זֶה מְדַבֵּר וְזֶה בָא"! נישט דעם אָטהעם צו האָפּען, מען גיט קיין צייט נישט אַ טרעהר צו לאָזען — אַ קלאַפּ! אַ בְּשׂוּרָה נאָך אַ בשורה! "שבא" איז בעפאַלען — צוגענומען, געראַובט, געהרג'ט; אַ פייער פון הימעל איז אַראָב — פערברענט "די שאָף מיט די יונגען", עס בעפאַלען כַּשדים — ווייטער גע'גזל'ט, גע'רצח'עט.. תוך כדי דבור — אַ פייער פון הימעל! "שאָף און יונגען" פערברענט! איידער מען אָטהעמט אָב— פאַלט איין אַ הויז, אַ ווינד פון אלע פיער זייטען—נאָך אמאָל גע־הַרג'עט! און אַחֲרֵי כָּל אֵלֶה — קריגט מען דעם פארך!

— דאָס איז דאָך טאַקי מַעֲשֵׂה שָׂטָן!

— יונגהייט — נאַרהייט! איך האָב עס גערעכענט פאַר שֶׁלֹא כְּדֶרֶךְ הַטֶבַע! און דער עיקר, געדאַכט האָט זיך מיר אז ווען איך בין איוב, ווען אַזוינס טרעפט זיך מיר, וואָלט איך געוואוסט אז עס איז "שלא כדרך הטבע". איין אָנשטעל, אַ נסיון! איך וואָלט מיך נישט געקראַצט, נישט געזעצט אויף דער ערד צו רעדען מליצות מיט נאַרישע חברים... איך וואָלט באַלד געוואוסט, אַז עס איז "לא הָיָה וְלא נִבְרָא", אַ חלום...

— און היינט? (ער גענ־צט).

— היינט זעה איך, אַז ביידע זאַכען, וואָס האָבען מיר יונגיל־ווייז אַזוי משונה'דיג אויסגעזעהן, זענען מַעֲשִׂים בְּכָל יוֹם...

די צאָהל פּין פרומע גבירים און אָרימע אפּקורסים וואַקסט פון טאָג צו טאָג... גבירים פערשטעהען שוין, אז מען דאַרף איינהאַלטען דעם עולם! אז אַ נישט פרומער שכן האָט קיין חשק נישט צו צאָהלען דירה געלד... אַ נישט פרומער בעל־מלאכה הייסט זיך בעסער צאָהלען און פיינער בעהאַנדלען, אַ נישט פרומער אַרבייטער רעדט עזות־קייט...

זייט רוהיג, רבי! געהויבען און געקריינט וועט איהר נאָך זיין. אַייער יום־טוב געהט, מען וועט זיך קלאַמערן אָן אייך! איהר וועט אויף גבי'ים אין פאָדערצימער אַזוי לאַנג ווי היינט נישט וואַרטען!

און דער "עוד (אָדער עד) זֶה מְדַבֵּר וְזֶה בָא", האָט זיך אויסגע־וויזען, איז מעשים בכל יום... מעשה־שטן, נאַר דער שטן, ווי עס זעהט אויס, רודערט היינט מיט די כלים, ער געהט נישט ליידיג.

— דהיינו?

— דהיינו? און ווי אַזוי איז געשעהן די לעצטע צייט?

עס האָט זיך אנגעהויבען: עמיגראַנטען פון רומעניען... באָרוויס און נאַקיט און צו פּיס זענען זיי ארויס פון גיהנם... וואו אַהון? וואו די אויגען וועלען טראָגען; וואָס וועט מען טהון? הונגערן וועט מען, נור ארויס מוז מען! שטאַרבען אייף די וועגען וועט מען, נור אבי נישט ביים רומענער אונטער דער רוטה! איז, נאַטירליך, אַ געשריי גע־וואָרען: מען דאַרף זיי העלפען — מען דאַרף געלד!

איינס? — ניין, עס איז צוויי מיט אַ מאָל! מען לאָזט נישט די רומענישע יודען זאָלען צושפּרייט און צוזייט ווערען! מען נעמט זיי צוזאמען -- יד ישראל איז אויך געוועזען בְּאֶמְצַע — מען פיהרט זיי צוריק אויף שיפען... אלטע, ווייבער און קינדער וואַרפען זיך בעסער אין ים אריין. — מאַסען ווילען זיך דאָס לעבען נעמען. — עס

קומט פאָליציי, מיליטער — מען לאָזט נישט, מיט געוואַלט נעמט מען זיי פון די שיפען אַראָב... און מען דאַרף ווייטער געלד — דער עולם הונגערט!

מען פּריוווט זיך צו געוועהנען צו די רומענישע צרות, מען ווישט זיך אויס די אויגען, מען מאַכט זיך לייכטער מיט אָנזיפצען... נאַ דיר — אַ בשורה טובה! הונגער אין בעסאַראַביען! טויזענדער פאַמי־ליען הונגערן און קרענקען פאַר הונגער. געלד דאַרף מען, געלד! היינט די פּועלים אין ארץ ישראל!

— בע!...

— מילא, אַ מענש איז אויך אַ מענש! ער איז זיך גובר... אַ גאָט זאַך... קלאַפּט מען איהם אַ טעלעגראַף: בריסק ברענט! אַ צווייטען: בריסק איז אָבגעברענט! אַ חורבה געבליבען... רייכע מענשען זענען געבליבען אָהן העמדער, בעלי־בתים — נאַקיט און בלויז. — אַ חורבה פון איין אַלטע, רייכע יודישע קהלה — ראַטעווען מוז מען. מען דאַרף געלד!

און „עַד זֶה מְדַבֵּר" — געהט ביאַליסטאָק, פּינסק, קישענעוו פּאָלאָצק... אין מיטען ברענען יודישע שטעדטליך אין גאַליציען...

— הייסט עס אַז איוב איז אַ משל פאַר דער כנסת ישראל...

— אפשר... און אפשר פאַר אַ יודישען גביר... וואָרום אַלע צרות קומען דאָך צו איהם... אפשר מען רופט איהם נור „זשיר פּאַרך" אָבער ער איז ריין ווי גאָלד, אויף דער ערד זיצט ער נישט, מיט חברים שפּיעלט ער אין דערדע און רעדט נישט פאַר פייער פאַר וואַסער איבער השגחה פּרטית... נאָר אַ קלאַפּ קריגט ער נאָך אַ קלאַפּ...

און אַז ער וויל זיך אָבשאַקלען אין גאַנצען, אַז ער טראַכט זיך שוין, מיין דאגה! אַלע העלפען קען איך נישט, איינעם יאָ און דעם צווייטען ניין איז קיין יושר נישט, וועל איך בעסער זיין אַ „וואַרשעווער יוד" און נישט מישען זיך אין פּ ר ע מ ד ע געשעפטען, נאָך איבער דער גרעניץ! אַז ער שטאַרקט זיך שוין יאָ דאָס האַרץ און וויל עס טהון, און נעמט שוין דעם „קוריער וואַרשאַווסקי" אין האַנד אַריין (פאַר׳ן „הצפירה" צי „המליץ" האָט ער היינט מורא, די ידיעות, רחמנא ליצלן!), דעם „קוריער וואַרשאַווסקי" וואָס רעדט נישט אַ וואָרט פון „פרעמדע" זאַכען פון „איבער דער גרעניץ", און וויל שוין געוואָהר ווערען דעם אמת, צי ס׳טאָגט דראַנאַ ציניין, צי וועט זי אַמאָל טראָגען, צי וועט זיין אַ נט... נאַ דיר! אַ גרויס אַרטיקעל וועגען הונגער! וואָס ווייטער! נישט ו ו י י ט ע ר, נאָר נעהנטער — דאָ, דאָ אין פּוילען! עס איז נישט געראַטהען, עס ווייזט זיך אַ שלעכט יאָהר, זעהר אַ שלעכט יאָהר — אַ הונגער!

— עה! גאָט וועט העלפען!

— דאָס איז קיין שאלה נישט, רבי! גאָט וועט אוודאי העלפען אַ שאלה איז דאָ איין אַנדערע!

ווי איז דער דין, רבי, צי אַ הונגעריגער בעל הבית למשל, אין בעסאַראַביען וואָס האָט אויף שבת קיין פלייש און קיין פיש; קיין וויין אויף קדוש, קיין חלה אויף „המוציא", ממש קיין שטיקיל ברויט אין מויל אַריין צו נעהמען... צוויי קאָפּיקים אַ טאָג קריגט מען פון אָדעסער קאָמיטעט און דאָס האָט אויך פערפעהלט, צי אַזאַ בעל הבית, איז מחויב זיך צו זעצען צום טיש און זינגען זמירות?

אוודאי... כְּשֵׁם שֶׁמְּבָרְכִין עַל הַטּוֹבָה... אַ בְּפֵירוּשׁ׳ע גמרא!

— און „צור מִשֶּׁלּוֹ אָכַלְנוּ" אויך?

— וואָס גראָד „צור מִשֶּׁלּוֹ אָכַלְנוּ"?

— דאָרט שטעהט: שָׂבַעְנוּ וְהוֹתַרְנוּ... דאָרט שטעהט תַּרְנְגוֹלִים מפוטמים...

דער רַב ענטפערט ווייטער נישט.

ישראל שווערגעמוטה.

---

## יוּדִישֶׁע שְׁטֶעדְט און שְׁטֶעדְטלִיךְ.

נייע צדקה־חברות. וואו איז דאָס געלד? וואַרשאַווער בעלי בתים. אַ „דייטשע" לויה.

צו מיין וואָהנונג איז צוגעפאָהרען אַ קאַרטע און עס זענען אַ־ריינגעקומען צוויי פיינע העררען.

— צו אַ יודישען שרייבער מיט אַ קאַרטע? האָב איך מיך גע־וואונדערט.

— מיר האָבען צו אייך, העדר אמת, אַ ביטע: מיר מאַכען אַ נייע צדקה־חברה, ווילען מיר אייך פאָרלעגען איהר זאָלט זיך פערשריי־בען אַלס מיטגליעד פון דער חברה—אין גאַנצען דריי רובל אַ יאָהר.

— אַ, אַ, אודאי אַ חברה אויף צו העלפען אָרימע לייט, די ברעסטער נשרפים אָדער די בעסאַראַבער הונגעריגע, האָב איך אָנגע־הויבען טרעפען, דערמאָנענדיג זיך, ווי די יודישע צייטונגען העררען ניט אויף צו שרייען הילף פאַר די אומגליקליכע.

— אַ ניין, די ברעסטער האָבען זיך שוין געוועהנט צו שׂרפות ווי די פּאָזשאַרנע, און די הונגעריגע האָבען אין אַ צייט פון דריי יאָהר זיך שוין אויך צוגעוועהנט צו הונגערען, אַלעס איז אין לעבען אַ גע־וועהנונג; ביטער איז נעביך די, וואָס האָבען זיך איינגעוועהנט צו אַלעס גוטס און דאַרפען חס ושלום, די שעה זאָל ניט זיין, לעבען אין אָרימ־קייט. מיר מיינען די באַנקירען, אַקציאָנערען, בירזשעוויקעס, דיסקאָנ־טערען און וואָכערניקעס, אַלע, אַלע וואָס האַנדלען מיט געלד און מיט ווערטה־פּאַפּיערען. פאַר זיי, פאַר אונזערע קאָלעגען (מיר זענען אויך באַנקירען) ווילען מיר מאַכען אַ צדקה־חברה, אַז ווען די פון אונז ווע־לען חס ושלום אַריינפאַלען אין אָרימקייט, זאָל די חברה זיי העלפען אין דער נויט, כדי זיי זאָלען מיט ווייב און קינדער ניט שטאַרבען פאַר הונגער.

— וואָס קעהר איך זיך אָן מיט באַנקירען, מיט אייערע קאָלעגען, וואָס איך זאָל דאַרפען צאָהלען דריי רובל אַ יאָהר, איך בין ב״ה ניט קיין באַנקיר און ניט קיין אַקציאָניער.

— וואָס הייסט, איהר קעהרט זיך גאָר ניט אָן? ערשטענס ווי האָט איהר אין אייער לעבען ביי זיי אַמאָל ניט דיסקאָנטירט אַ וועקסעל, געשיקט איין אָנווייזונג, געקויפט און פערקויפט, אָדער פערזעצט אַ בילעט, טיש־זילבער אָדער שטובזאַכען און צווייטענס אַלס מענשענ־ליעבהאָבער וועט איהר גלאַט האָבען אַ מצוה אונטערצוהעלפען אונזער חברה. איהר ווייסט ניט ווי דאָס אומגליק איז גרויס און שרעקליך: היינט איז מען אַ באַנקיר, איין אַקציאָנער, אַ דיסקאָנטער, מען וואַרפט מיט געלד, מען פאָהרט אין קאַרעטען, מען לויפט אין אויסלאַנד, מען וואָהנט אין פּאַלאַצען, אומעטום קנאַקט מען מיט דער בייטש, מען איז געוועהנט צו אַלעס גוטס אויף דער וועלט, אַלע פערגעניגען פון דער וועלט פערשאַפט מען זיך, און נאָך אַזאַ לעבען איז מען ניט זיכער אַז מאָרגען זאָל מען ווערען פעראָרימט און ניט האָבען קיין שטיקיל ברויט. מילא ביי שטענדיגע אָרימע לייט, וואָס זענען אייביג געוועהנט צו נויט, איז נאָך דאָס אומגליק ניט אַזוי גרויס, אָבער שטעלט אייך פאַר אַזוינע מענשען, אַזוינע מענשען... און קיין ברויט ניט... שטעלט אייך פאַר...

און דאס קומט פאר הייגטיגע צייטען גאנץ אָפט, אזוי פיעל באנקראָ־טען, די פערשאלטענע בירזע מיט די גליקליכע פאפירען וואס פאלען, קיינער, קיינער פון אונז איז הייגטיגע יאהרען ניט זיכער, אז מארגען זאל מען ניט אריינפאלען אין די גרעסטע נויט.

די צוויי באנקירען האבען געהאלטען אזא ריהרענדע רעדע, אז עס האט מיר פערנומען דאס הארץ, און איך האב זיך פערשריעבען אלס מיטגליעד.

ווי די באנקירען האבען זיך מיט מיר פריינדליך און דאנקבאר געזעגענט, איז צוגעפאהרען א צווייטע קארעטע, נאך א שענערע, און עס זענען צו מיר אין וואהנונג אריינגעקומען נאך פיינערע צוויי הערדען ווי פריהער.

— ווידער קומט מען צו מיר מיט א קארעטע, האב איך זיך נאך מעהר געוואונדערט.

מיר האבען צו אייך, הערר אמת, א ביטע — האבען זיך די צוויי הערדען אנגערופען — מיר מאכען א נייע צדקה־חברה, ווילען מיר אייך פארלעגען, איהר זאלט זיך פערשרייבען אלס מיטגליעד פון דער חברה— אין גאנצען דריי רובל א יאהר...

— געוויס אויפצוהעלפען נשרפים און די אומגליקליכע הונגעריגע, זעהר שען. טרעף איך איצט שוין אויף זיכער.

— א ניין, מיר מאכען א צדקה חברה פאר אונז פאבריקאנטע און זאוואדשיקעס...

— איך פערשטעה אייך ניט, האב איך זיי געענטפערט מיט גרויס פערוואונדערונג — איהר ווילט מאכען א צדקה־חברה פאר אייערע גרויסע און קליינע פאזנאנסקעס, שייבלערס, זילבערשטיינס, בראדסקעס און דערגלייכען, דאן ווען אויף אייך ליגט א חוב צו מאכען א חברה צו העלפען די נשרפים און די הונגעריגע, ווייל נור אזוינע ווי איהר קענט העלפען אין אזוינע גרויסע אומגליקען.

— פערשטעהט איהר, האבען די צוויי פאבריקאנטען געענטפערט — טאקע איבער די נשרפים, די הונגעריגע, איבער די באנקראטען, איבער דעם קריזיס, דארפען מיר אנהויבען פאר זיך זארגען. וואס וואונדערט איהר זיך אזוי, שוין זשע מיינט איהר אז מיר האבען פאבריקען מיט זאוואדען, וואס מאכען גרייטע געלד; מיר פאבריקאנטען ארבייטען טוך, באוועלנע, וואהלענע און אנדערע סחורות, די זאוואדען ארבייטען אויס צוקער א. ד. ג. די אלע ברעסטער, פינסקער, קישיניאווער, אקערמאנער, באבריניצער, בענדערער, פאלעשטער, טעלענעשטער און אנדערע יודען פון די שטעדט און שטעדליך קויפען ביי אונז אוועק די פאבריקאציאן און ארבייטען טאג מיט נאכט, ווינטער אין דער קעלט, זומער אין די היטצען, זיי קריכען פון דער הויט, לעגען זיך אין דער לענג און אין דער בריט אונזערע סחורות צו פערקויפען. אזוי ארבייטען זיי אין די שטעדטליך טאג מיט נאכט, חדשים, יאהרען לאנג, ביז מיר קומען צו קאפיטאלען פון צעהנער טויזענדער, הונדערטער טויזענדער, מיליאנען. אבער אז ווען די שטעדטליך האבען אנגעהויבען אזוי אָפט ברענען אדער הונגערען, אז מען ווערט אזש געשוואלען פאר הונגער, ווי זשע קענען זיי ביי אונז קויפען און וואס זשע זאלען דאן טהון אונזערע פאבריקען מיט די גרויסע זאפאסען סחורה. מיר לעבען אזוי אויך פון גרייטען רובל, יעדע זאך האט אבער א דנא. איהר זאגט מיר זאלען זיי העלפען, דאכט זיך אז עס איז גענוג פון אונזערט ווענען וואס מיר ווארטען מיט די וועקסלען—פערלענגערען זיי די צאהלונגען... בערע־כענט נור אונזער לאגע; אייביג קען מען ניט עסען פון גרייטען רובל,

אונזער לאגע אין דער נויט איז פיעל ערגער ווי די קליין שטעדטילדיגע סוחרים׳ליך, זיי זענען שוין צו דער נויט געוועהנט, א געוועהנונג...

די פאבריקאנטען האבען גערעדט מיט אזוי פיעל הארץ און מיט אזא רחמנות פנים, אז עס האט מיך גערירט ביז צו טרעהרען און האב זיך פערשריעבען פאר א מיטגליעד...

*

דאס אלעס איז געשעהן מיט מיר נאך דעם, ווי איך האב אי־בערגעלעזען אין ווארשאיווער צייטונגען, אז אין ווארשא ווערט א נייע „צדקה־חברה" אויף צו העלפען אין דער נויט די ווא ר־שאווער בעלי בתים, וואס האבען אייגענע הייזער...

צווישען די בעלי בתים, וואס האבען הייזער אין ווארשא, שריי־בען די צייטונגען איז א העלפט יודען.

און כדי די חברה זאל זיך פיהרען אין ארדענונג, ניט א שכל־דיגע עצה דער „וואיש. דנעווניק", זאל מען אין דער חברה נישט אריינגעהמען קיין יודישע בעלי בתים.

איהר הערט! יודישע קאפיטאלען האט מען בעגראבען אין מעהר ווי א האלב הייזער, וועלכע בעשיינען די ווארשאווער גאסען ווי אין די שענסטע אייראפעאישע שטעדט. טויזענדער יודישע נבירים, פערמעגליכע מענשען וואס האבען זיך פון יאהרענלאנגער ארבייט ערווארבען קאפי־טאלען אדער עס געירש׳עט פון עלטערן, האבען דאס אלעס בעגראבען אין די ווארשויער הייזער און אליין מיט זייערע ווייבער און קינדער זענען זיי אהן ברויט, און נאך בעלי חובות געבליבען. אט די יודען טארען ניט געהאלפען ווערען פון דער חברה, וואס מען מאכט פאר די בעלי בתים, וועלכע האבען הייזער אין ווארשא!

דאס האט איהר אייך נומער איינס. נאר נומער צוויי וויל איך אייך דערצעהלען, אז ווען איך האב זיך דערוואוסט, דאס פאר די וואס הא־בען אייגענע פינפשטאקיגע הייזער מאכט מען א צדקה חברה, א הילפס־קאסע, בין איך געווארען אויסער זיך: וואו זשע איז דאס געלד, צו אלדע שווארצע יאהר, אז ביי קיין ליטעראטען איז קיין געלד ניט דא, ביי לעהרער, פריקאשטשיקעס, סוחרים און ביי די שכנים, וואס דארפען צאהלען דירה געלד איז אויך ניט דא? און מיר, געהענדיג אין גאס און קוקענדיג אויף די שענע פיעל שטאקענדע הייזער, אויף די פאלאצען, טראכטען זיך אמאל: אט ווער עס זענען די גליקליכע אויף דער וועלט! — האבענדיג א איינען הויז, וואס טרעפט אן א פערמעגען פון א גאנץ קליין יודיש שטעדטיל.

איך האב א זיפץ געטהון, וואס מיר האבען דערלעבט אזוינע פינסטערע צייטען, אז אפילו פאר בעל בתים פון הייזער דארף מען מאכען צדקה־חברות.

— גאט ווייס, וואס נאך פאר א שרעקליכע צייטען מיר וועלען חס ושלום דערלעבען, האב איך מיט שרעק געטראכט. מיר איז שוין גאנץ גלייך אויסגעקומען, וואס מען מאכט צדקה חברות פאר באנקירען מיט פאבריקאנטען.

דער שרעק האט מיך אזוי ארומגענומען, אז ווען איינער קלינגט אן ביי מיר אין וואהנונג, ווייזט זיך מיר אויס, אז אט קומען אריין צוויי מענשען מיט א פאטשיילע אין דער האנד און זאגען מיר:

— זייט אזוי גוט און שענקט א נדבה פאר די פאזנאנסקעס, וואוועלבערגס, בראדסקעס א. ז. וו.

איך זאָג אייך, אַז אין די איצטיגע שענע שטילע לויטערע זומער־נעכט, טראַכטענדיג פון היינטיגע ביטערע צייטען, קען מען אריינפאַלען אין די גרעסטע מרה שחורה.

איין טרייסט איז דאַ, וואס ווי באַלד מען האָט שוין אָנגעהויבען איינפיהרען הילפ'ס־קאַסעס פאַר בעלי בתים פון הייזער, אפשר וועט מען שוין קומען דערצו אויך, צו מאַכען אַ הילפ'ס־קאַסע פאַר יודישע ליטעראַטען, ווענען וועלכע אונזערע צייטונגען רעדען זיך אָב דאס האַרץ און עס העלפט ווי אַיין ארבים אין דער וואַנד.

נאָך איין וואָרט וועגען די בעלי בתים, וואָס האָבען הייזער אין וואַרשא.

ניט פאַר קיינעם געדאַכט, בין איך ניט לאַנג געוועזען אויף אַ "דייטשע" לויה און צווישען די פיעל קרענצע, וואָס זענען געלעגען אויף דער מטה, האָב איך אויף אַ ווייסען זיידענעם באַנד איבערגעלעזען די ווערטער מיט שוואַרצע בוכשטאַבען: "פון אַ הויזבעזיצער". ווען איך האָב געפרעגט, פאַר וואָס האָט דער מת פערדיענט דעם קראַנץ, האָט מען מיר געענטפערט, אַז דער איז געווען דער איינציגער שכן אין הויז, וואָס פלעגט דעם בעל הבית צאָהלען פינקטליך דירה געלד. אָט מיט וואָס מען קען היינטיגע יאָהרען פערדיענען אַ קראַנץ!

א מ ת.

---

## די יודישע וועלט.

**עסטרייך.** — דער עסטרייכישער ציוניסטישער קאָמיטעט רופט צו־זאמען איין אַלגעמיינע ציוניסטישע אסיפה פון די גאַליצישע פעריינען אויף דעם 16 און 17 יוני. די הויפט אַרבייט פון דער אסיפה וועט זיין צו פערבינדען די גאַליציאַנער חברות מיט דער געזאַמט אָרגאַניזאַציאָן פאַר עסטרייך. פאָרלייפיג זענען פאַר די אסיפה בעשטימט געוואָרען די פאָלגענדע פונקטען.

1) די לאַגע פון די יודען אין גאַליציען. רעפערענט דר. ד. מ א ל ץ, לעמבערג. 2) בעריכט איבער דעם איצטיגען שטאַנד פון ציוניזם אין גאַליציען. רעפערענט דר. ר אָ ז ע נ ה ע ק, קאָלאָמעא. 3) אָרגאַניזאַציאָן. רעפ' דר. מ. ב ר ו י ד ע און דר. ו ו א ה ר ה א פ ט י ג. 4) אַגיטאַציאָן. רעפ' דר. י אָ נ אַ ס און דר. ק אָ ר נ ה י י ז ע ר. 5) צייטונגען. רעפ' דר. ש ר י י ב ע ר און מ. ב ו ב ע ר. 6) די לאַגע פון די קאָלאָניסטען און אַרבייטער אין ארץ־ישראל. רעפ' דר. ר א פ א פ א ר ט און א. ש ט אַ נ ד. 7) די העברעאישע שפראַך. רעפ' ל. ט ו י ב ע ס.

— ד ע ר ה י ר ש ־ פ אַ נ ד א י ן ג א ל י צ י ע ן. אויס דעם יעהרליכען חשבון פון דעם באַראָן הירש'ס שול פאָנד אין גאַליציען זעהט מען, אַז אין דער צייט פון 1 סעפטעמבער 1899 ביז דעם 31 אויגוסט 1900 זענען געווען אין די 50 שולען פון הירש פאָנד 9934 שילער און 234 לעהרער. אויסגעגעבען האָט מען אויף אויסצוהאַלטען די שולען 398,847 קראָנען און אויף קליידונג און עסען פאַר די אָרעמסטע שילער 90,551 קראָנען. אין 29 שולען זענען געווען אָווענדקורסען מיט 1496 שילער, וועלכע האָבען געקאָסט 5950 קר'. סך־הכל זענען געווען די הוצאות 495,350 קר'. אויסערדעם האָט די באַראָנעסע הירש אָבגעזאָגט 1½ מיליאָן פראַנק, וואָס די פראָצענטען פון זיי זענען געגע־בען געוואָרען אויף קליידער און עסען פאַר קינדער און אויך אויף גרינדונג פון 4 שולען צוצוגרייטען דיענסטמיידליך און 4 שולען צו לערנען הויזווירטשאַפט.

ענדע 1900 יאָהר איז געווען אין וויען 1,674,987 איינוואָהנער און פון זיי 146,926 יודען. אין בודאַפעסט איז צו דער זעלבער צייט געווען 703,448 איינוואָהנער און פון זיי 166,198 יודען

*

**רוסלאַנד.** — וו אָ ס ז אָ ל מ ע ן ט ה ו ן מ י ט ק א ר א ב ק ע ר ע ס ט ע ן? די חערסאָנער אופראַווע האָט געשיקט 250 רובל פון די קאַראָבקע־רעשטען פאַר די נויטבעדערפטיגע אין קריוואָראָג. בכלל האָט מען פונאַנדערגעטהיילט פון קאַראָבקער געלד היינטיגס יאָהר צווישען די נויטבעדערפטיגע אין חערסאָן 500 ר', נאָוואָוואָסילקאָווא — 834 ר', בערעזנעגאָוואַטאָע — 100 ר', נאָווי־בוג — 300 ר', קריוואָיראָג — 250 ר'.

דער "וואָסחאָד" בעמערקט וועגען דעם מיט רעכט, אַז עס וואָלט געווען אַ יושר, אַז אויך אַנדערע יודישע קהלות, וועלכע פערמאָגען גרויסע קאַראָבקע־רעשטען, זאָלען זיי אַוועקגעבען פאַר די הונגעריגע.

— דער בעקאַנטער גרינדער פון "אַרטעלען" ה' לעוויטסקי האָט אין דער צייט פון אָסיען 1900 ביז היינט געגרינדעט 32 אַרטעלען מיט 700 מיט־גליעדער אין חערסאָנער גוב'. פון זיי זענען נור 11 אַרטעלען רוסישע, און די איבריגע בעשטעהען אין גאַנצען פון יודען.

— די חברה "טרוד", וועלכע האָט דעם צוועק צו פערברייטען צווישען די אָדעסער יודען דאָס לערנען פון מלאכות, האָט בעקומען 15,000 רובל אַלס שטיצע פון דער חברה יק"א.

— דער סענאַט האָט קאַסירט דעם פסק פון דער אָדעסער סודעבנער פאַלאַטע וועגען פאָגראָם פון יוני 1900 דערפאַר, ווייל די פאַלאַטע האָט גע־פונען פאַר איבריג צו געבען דעם בעשעדיגטען טאַבאַק־פאַבריקאַנט העלמאַן איין צייגניס אויף אַרויסצונעהמען פון אַקציז ידיעות, וויפיעל עס האָט זיך געפונען אין פאַבריק סחורה פאַר דעם פאָגראָם און דורך דעם האָט העלמאַן נישט גע־קענט בעווייזען, ווי גרויס עס איז געווען זיין שאָדען.

— דער "וואַרש' דניעוו" איז מודיע אַז אין ב ר י ס ק האָט מען אַרעס־טירט 60 מענשען, און דאַרונטער איינינע פרויען, אויף וועלכע עס איז געפאַלען אַ חשד, אַז זיי האָבען אונטערגעצונדען.

*

**דייטשלאַנד.** — דאָס "ב ע ר ל י נ ע ר ט אַ ג ע ב ל אַ ט" איז מודיע, אַז די דייטשע טאַמאָזשנעס, וועלכע ליעגען נעבען דער רוסישער גרעניץ, האָ־בען בעקומען אַ בעפעהל, אַז פון 1־טען מאַי זאָלען זיי נישט דורכלאָזען איבער די גרעניץ אויף "האַלבפעסער" סיי רוסישע, סיי דייטשע יודען, וועלכע וואָהנען נעבען דער גרעניץ.

*

**פרס.** — דער פערסישער שאַך האָט געשענקט 10,000 רובל פאַר די יודען, וועלכע האָבען געליטען פון פאָגראָם אין ט ע ה ע ר אַ ן מערץ 1901. דאָס געלד איז איבערגעגעבען געוואָרען דעם פאָרשטעהער פון דער "אַליאַנס", בשעת ער האָט זיך פאָרגעשטעלט דעם גרויס־וויזיר, כדי צו בעדאַנקען איהם פאַר זיינע בעמיהונגען איינצושטילען דעם פאָגראָם.

*

**אמעריקא.** — דער קאָמיטעט פון דער "יודיש אַמעריקאַנישער היס־טאָרישער געזעלשאַפט" האָט בעשלאָסען צו מאַכען דעם קומענדען ווינטער אין ניויאָרק אַ יודיש היסטאָרישער אויסשטעלונג. דער צוועק פון דער אויסשטעלונג איז צוזאַמענצוקלויבען אַלע היסטאָרישע זאַכען און דאָקומענטען, וועלכע האָבען אַ שייכות צו דער יודישער געשיכטע אין אַמעריקא פון אָנפאַנג אָן, למשל די בריעף צו די שפאַנישע מאַראַנען, די בריעף פון וואַשינגטאָן צו די יודען, ביל־דער. פאָרטרעטען פון בעריהמטע יודישע מאָלער אין אַמעריקא, פאָטאָגראַפיעס און בילדער פון אַמעריקאַנישע שולען און צדקה־חברות, ביכער פון אַמעריקאַנער מחברים וועגען יודען א. ז. וו. די הכנות צו דער אויסשטעלונג האָבען זיך שוין אָנגעהויבען.

*

**בראַזיליען.** — ד ע ר צ י ו נ י ז ם. דר. נ אָ ר ד ו י האָט בעקומען אַ בריעף מיט אַ נדבה פון 150 פראַנק אויס מ אַ נ י ק אָ ר ע אין ב ר אַ ז י ל י ע ן. דער שרייבער פון בריעף ה' משה כהן נאַטאַריוס אין מאַניקאַריע איז מודיע, אַז אין פאָריגען פורים האָט ער צוזאַמענגענומען פון דער יודיש פאָרטוגיעזישער קאָלאָניע (אַמאָליגע אויסוואַנדערער פון פאָרטוגאַל) אין מאַניקאָרע 150 פראַנק אויף ציוניסטישע צוועקען און בעט, אַז מען זאָל איהם צושיקען ספרים איבער דעם ציוניזם.

---

## פערלאָרען דעם קול.

אין קלעמענקער גרויסען בית־המדרש איז שוין געווען ענדע פון דעם וואָכענדיגען דאַווענען. דער שטעדטילשער חזן, וואָס זינגט יעדע תפילה, אפילו ביחידות, און בלייבט דעריבער שפעטער, האָט שוין צו־זאַמען געלעגט דעם טלית און האָט אונטערגעברומט מיט אַ ניגון דעם "יום". די עטליכע לעצטע ווערטער פון "יום" האָט ער אויסגעלאָזט חזנ'יש הויך:

הוּא יְנַהֲגֵנוּ עַל מוּת".

אין דעם לעצטען וואָרט "מות" האָט ער, ווי זיין שטייגער איז, געוואָלט מאַכען אַ קוניץ אַרויפהאַפען זיך גאָר אויף דער הויכער אָקטאַווע, נאָכדעם אַראָבלאָזען זיך נידריג און טאַקי באַלד ווידער צו־ריק אין דער הויך, עס האָט זיך איהם אבער ניט איינגעגעבען, דער טאָן האָט זיך פערטשעפעט אין האַלז און עס איז אַרויס ניט "דאָס".

ער האָט זיך דערשראָקען, און דערשראָקענערהייט האָט ער זיך אומגעקוקט, צי שטעהט ניט ווער נאָהענט נעבען איהם; אַז ער האָט

נעבען איהם דערזעהן דעם אַלטען הענין'ן, איז זיין שרעק קלענער געוואָרען, ער האָט געוואוסט, אַז הענין איז טויב.

געהענדיג אַהיים מיט'ן טלית און תפילין אונטער'ן אָרעם, האָט איהם דער ניט געראַטענער „מות" אין די אויערען געקלונגען און עס האָט איהם געמאַכט טרויריג.

— צו אַלדע שוואַרץ־יאָהר! האָט ער געמורמעלט — דאָס האָט נאָך ביז אַהער ביי מיר קיינמאָל ניט געטראָפען.

ער האָט זיך אָבער באַלד דערמאָנט, אַז פאַר צוויי וואָכען „שַׁבָּת־מְבָרְכִים", בעת ער האָט מיט די מְשׁוֹרְרִים אין בית־מדרש פאַר'ן עמוד נעדאַווענט, האָט איהם כמעט דאָס אייגענע געטראָפען ביי'ן „שְׁמַע יִשְׂרָאֵל" אין דֶער קרושה, ווען ער האָט אַליין זיך צעזונגען „הוּא אֱלֹהֵינוּ". צום גליק האָט דאָס קיינער ניט בעמערקט. אַלענפאַלס האָט איהם דער „באָס" דערפון ניט געזאָגט.

און די ערא־נערונג פון פאַר־צוויי־וואָכעדיגען ניט געראָטענעם „שְׁמַע יִשְׂרָאֵל" און דער היינטיגער „על מות" ביהידות, האָבען זיך צוזאַמענגעמישט און האָבען זיך אָוועקגעלעגט ווי אַ שווערער שטיין אויפ'ן האַרץ.

איהם האָט זיך געוואָלט געהענדיג פּרופען נעהמען נאָך אַמאָל דעם טאָן, נאָר גראָד איז די גאַס פול געווען מיט מענשען. און ער האָט זיך געשטאַרקט איינצוהאַלטען זיך, ביז ער וועט אַהיימקומען, ער האָט אָנגעהויבען מאַכען ניט נאָך זיין געוואָהנהייט גיכע טריט, און עס האָט אויסגעזעהן, ווי ער אַנטלויפט פאַר עמיצען.

אַז ער איז אַריין אין שטוב, האָט ער שטיל, אָהן אַ גוטמאָרגען אָוועקגעלעגט דעם טלית און אָברוהענדיג זיך אַביסיל פון גיכען גאַנג האָט ער זיך גענומען צום זינגען.

הוא ינהגנו על מות!

— שוין, האָסט קיין צייט ניט! דער טאָג איז דיר קליין! האָט זיך די הַזָנ'טע צובייזערט — עס גרילצט אַזוי אויך אין די אויערען.

— ווי הייסט עס גרילצט? האָט דער חזן דערשראָקען אויסגעשטעלט די אויגען — איך נעהם אַ טאָן און דו זאָגסט — עס גרילצט, וואָס הייסט — עס גרילצט?...

ער האָט אויף איהר געקוקט מיט תחנונים, זיינע בליקען האָבען שטום גערעדט: האָב רחמנות! זאָג ניט אַז עס גרילצט, ווארום אויב עס גרילצט, בין איך אומגליקליך, עקט זיך מיין לעבען!... נאָר די חזנ'טע איז געווען צו פיעל פערטהון און צוטראָגען מיט'ן אָנבייסען, אַז זי זאָל קענען מיטפיהלען און פערשטעהן, וואָס עס טהוט זיך מיט איהר חזן, און זי האָט זיך נאָך מעהר צושריען:

— אַודאי גרילצט! וואָס דען? איך ווער פערטויבט; מילא, אַז דו זינגסט נאָך צוזאַמען מיט די זינגער, מוז איך אויסשטעהן, אָבער איצטער אַליין... וואָס?...

דער חזן איז געוואָרען בלאָס, ווי קרייד, ער האָט קוים אויסגערעדט:

— גרונע, וואָס ביזטו משוגע? וואָס רעדסטו?

— וואָס טהוט זיך היינט מיט איהם? — איז שוין גרונע פון געדולד אַרויס — גענוג דיר שוין צו מאַכען זיך נאַריש, געה וואַש זיך עסען.

עסען האָט זיך דעם חַזָן נישט געוואָלט, נאָר ער האָט זיך בעטראַכט, אַז צוליעב אַ רפואה מוז ער עסען, ניט עסען וועט נאָך ערגער זיין, און ער האָט זיך געוואַשען.

די „המוציא" האָט ער געמאַכט הויך און חזניש בעזונגען און געקוקט אויף דאָס ווייב, צי בעמערקט זי ווידער עפּיס ניט, נאָר דערויף האָט שוין דאָס ווייב נאָר נישט געזאָגט און דאָס האָט דעם חזן בערוהיגט.

— מיר דאַכט זיך נור, מיר דאַכט זיך נור... האָט ער זיך געטרייסט, ס'איז ווערט איין שפּיי! ניט אַזוי גיך פערלירט מען דעם קול!

ער האָט זיך אָבער דערמאָנט, אַז איהם איז שוין פערציג יאָהר און ביי'ן חזן, מאיר ליעדער, האָט עס געטראָפען פונקט אין דער צייט...

דאָס איז געווען נענוג, ער זאָל זיך ווייעדער אָנהויבען שרעקען.

ער האָט אַראָבגעלאָזען דעם קאָפּ און האָט זיך טיעף פערטראַכט, און באַלד האָט ער אויפגעהויבען דעם קאָפּ און אַ שטאַרקען געשריי געגעבען:

— ג־ונע!

— שאַ, וואָס איז? וואָס שרייסטו, ווי ניט מיט דיין קול? האָט גרונע צולויפענדיג, זיך געבייזערט.

— אוי, לאָז מיך לעבען! האָט זיך דער חזן געבעטען — וואָס רעדסטו „ניט מיט מיין קול" — מיט וועמעס קול רייד איך דען?... הא... וואָס ווילסטו פון מיר?... —

אין זיין קול האָבען זיך ווי טרעהרען געהערט.

— דו ביזט היינט טאַקי משוגע, טשעפּעסט זיך צו... נו וואָס ווילסטו.

— קאָך מיר אָב אַ פּאָר שיטערע אייער, האָט דער חזן שטיל געבעטען.

— נא דיר אַ נייעם יום־טוב! האָט זי זיך ווייעדער צושריען. אין מיטען מיטוואָך—אייער! דאַרפסט דען שבת „דאַווענען"? עס איז איצטער אַזאַ יקרות—אַ פינפער איין איי.

— גרונע! האָט דער חזן געפאָדערט — עס מעג זיין אַ רובעל איין איי, צוויי רובעל, פינף רובעל, הונדערט רובעל, הערסט! קאָך מיר אָב צוויי שיטערע אייער און רעד נישט!

— ביזט זאָך טאַקי אַ גרויסער פערדיענער! האָט זיך גרונע געקרימט.

— דו מיינסט שוין טאַקי, אַז אויס!... האָט דער חזן זיך געשטאַרקט — ניין גרונע!...

ער האָט איהר געוואָלט זאָגען, אַז ער וויים נאָך ניט אויף געוויס, אַ גליעד שלאָגט נאָך, עס קען זיין אַז איהם דאַכט זיך נור, עס איז נור איין איינבילדעניש אפשר, נאָר ער האָט דאָס מורא געהאַט צו אויסרעדען און גרונע האָט ניט פערשטאַנען, וואָס ער שטאַמעלט, זי האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס:

— מיינע שונאים!...

זי איז אַוועקגעגאַנגען אָבקאָכען אייער. דער חזן האָט דערווייל זיך צעזונגען, ער האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו יעדער טאָן, ווי ער וואָלט זיך אַליין עקזאַמענירען; ווען ער איז ניט געווען אימשטאַנד צו בעקומען די הויכע אָקטאַווע, האָט ער זיך פערצווייפעלט צושריען:

— גרונע דערלאַנג גיכער די אייער!...

אין די אייער האָט דער חזן איצטער געזעהן זיין איינציגע רעטונג..

די חזנ'טע האָט איהם מיט אַ ברוגז־פּנים צוגעטראָגען די צוויי אייער און האָט בייז אַרויסגעברומט:

— נאַ, אייערליך ווילט זיך איהם... מען דאַרט און מען קוואַרט...

דער חזן האט פאר איהר געוואלט אויסגיסען זיין הארץ, זאל זי ניט מיינען, אז ער מיינט טאקי די אייער, ער האט איהר געוואלט זאגען: גרונע, איך בין, דאכט זיך, פארביי!... ער האט זיך אבער געשטארקט און זיך איינגעהאלטען.

— "טאמער דאכט זיך מיר נור", האט ער געטראכט.

און ער האט זיך, אהן ווערטער, גענומען טרינקען די אייער, ווי א רפואה.

אויסטרינקענדיג די אייער, האט ער געפרופט מאכען אפאר קונדיגע הזנישע "שטיינערס". איהם האט זיך עס איינגעגעבען, און ער איז פרעהליכער געווארען.

— ניש קשה, גאט לעבט! האט ער געטראכט — ניט אזוי גיך פערליר איך מיין קול... מאלע וואס "מאיר ליעדער", ער איז געוועזן א שכור... איך טרינק נישט, אויף א ברית נור אביסיל וויין!...

עס האט זיך איהם געוויזען אפעטיט און ער האט געשלונגען א ביסען נאך א ביסען.—

נאר זיין פרעהליכקייט האט לאנג נישט געדויערט, דער פריהערדיגער נישט געראטענער "מות" האט איהם אין די אויערן א קלונג געטהון און די "מרה־שחורה" האט זיך ווייטער אנגעהויבען.

---

די מורא צו פערלירען דעם קול, האט דעם הזן זיין גאנ'ץ לעבען געמוטשעט. זיין איינציגע זארג, זיין איינציגער רעיון איז געווען: וואס וועט דאס זיין, ווען ער וועט ווען עס איז דעם קול פערלירען? איהם האט דאס שוין אפילו אמאל געטראפען, ער איז דאמאלס געווען אלט זיבעצעהן יאהר און האט געהאט א טענארענ־שטים און האט איהם איינמאל פלוצים פערלארען. נאר דאמאלס האט דאס איהם ניט געארט. פערקעהרט, עס האט נאך איהם הנאה געטהון, ער האט געוואוסט, אז דאס בייט זיך זיין שטים און ער וועט אין א האלב יאהר ארום בעקומען א באריטאן, אויף וואס ער האט מיט אונגעדולד געהאפט. אז ער האט דעם "באריטאן" בעקומען, האט ער שוין געוואוסט, אז ווען ער וועט איהם פערלירען איז שוין פערפאלען, קיין אנדער שטים קריגט ער ניט. און ער האט דעריבער ששא־ק דעם קול געהיט, ווער רעדט אז ער איז געווארען א "בעל־הבית'ל" און האט אנגענומען קלעמענקער הזנות, האט ער ניט צוגעלאזט צום "האלז" א ווינדטיל זאל א כלאז טהון; אין די גרעסטע היצען איז ער געגאנגען פערבונדען מיט א פאטשיילע. אייגענטליך האט ער דעם קול ניט געהיט פאר די קלעמענקער בעלי־בתים. ער איז געוועזן זיכער, אז ווען ער וועט אפילו אין גאנצען דעם קול פערלירען, וועלען איהם די קלעמענקער בעלי־בתים פון הזנות נישט אבזאגען, זיינע שכירות וועט ער אלע מאל האבען, ווייל סיי ווי סיי טראגט מען איהם די שכירות אין שטוב נישט אריין, נאר ער מוז עס אלע פרייטאג געהן פון שטוב צו שטוב מאהנען, און קלעמענקער יודען זענען ווייכהערציגע, ז'י זאגען קיינעם נישט אב, ווער עס שטרעקט נור אויס די האנד. דעם קול האט ער נור געהיט, און געשראקען זיך פאר'ן פערלירען איהם, נור אויס ליעבע צום זינגען. פון די קלעמענקער בעלי בתים האט דער חזן שטארק געהאלטען. אזוינע יודען זענען אין דער גאנצער וועלט ניטא, נאר אין הלכות "נגינה" זענען זיי גרויסע עמי־הארצים, ממש בהמות, זיי האבען קיין שום געפיהל ניט, און ווען ער פלעגט מאכען, פאר'ן עמוד דאווענדיג, קונציגע שטייגערס, רייסען זיך אויף דער העכסטער אקטאווע, איז דאס נור געוועזן פ א ר ז י ך, ער האט אליין דערפון גרויס הנאה געהאט, אויך פאר די 8 זינגער זיינע, אין וועלכע. ער האט די גאנצע וועלט געזעהן. די זינגער זענען איהם געווען איינגעבאקען טיעף אין הארצען און ווען א זינגער פלעגט איהם זאגען: "אי חזן! אי זינגט איהר!" פלעגט ער זיין אויף דער העכסטער מדרגה פון גליק.

די אלע זינגער זענען געוועזן אנגעפאהרענע פון פערשיעדענע שטעדט און שטעדטליך, און זייערע אלע שמועסען און מעשיות האבען זיך נור געדרעהט און געוויקעלט אויף חזנים און נגינה. די מעשיות און לעגענדען זענען געווען דעם חזנ'ס "זהר". ער פלעגט זיך טיעף נאך יעדער מעשה פערטראכטען און פלעגט ארויסלאזען א טיעפען זיסען זיפ'ץ:

— א קליינינקייט נגינה! א שפילכעלע צו זאגען—א געפיהל!...

און איצטער, ווען דער חזן האט אנגעהויבען מורא צו האבען פאר'ן קול, האט זיך איהם אלין געדאכט, אז די זינגער זענען נאר אנדערע — שלעכטע! זיי מוזען פון איהם, אונטער די אויגען, לאכען... און ער האט זיך אנגעהויבען היטען פאר זיי, ניט צו געהמען פאר זיי א הויכען טאן, זיי זאלען נישט דערקאנען, און ער האט דער־פון נאך מעהר געליטען.

און וואס וועלען זאגען די ארומיגע חזנים? דער געדאנק האט דעם חזן נאך מעהר געמוטשעט.— ער האט געוואוסט, אז ער האט געהאט א שם ביי די ארומיגע חזנים, מען האט פון איהם שטא־ק געהאלטען, ווענען זיין קול האט מען פיעל גערעדט. איהם פלעגט זיך מאהלען פאר די אויגען, ווי עס שטעהט א קופקעלע חזנים און רעדען שטיל און שאקלען טרויריג מיט די קעפ; דאס בעדויערען זיי איהם.

— נעביך, נעביך, איהר האט געהערט, דער קלעמענקער חזן...

ביי דעם געדאנק פלעגט ער זיך אין גאנצען פערלירען.

— „און אפשר דאכט זיך מיר נור!" פלעגט ער זיך אין אזוינע שרעקליכע מינוטען אנהויבען טרייסטען און ער פלעגט גלייך אנהויבען זינגען, פרופען זיך נעהמען די העכסטע נאטען. ער האט אבער פון שרעק פערלארען דאס געהער און ער האט ניט געקענט מישער זיין, צי איז ביי איהם דער קול ווי געהעריג, צי ניט.

אין צייט פון צוויי וואכען איז זיין פנים געווארען בלאס און דאר, די אויגען טיעף איינגעגראבען, ער האט געפיהלט, אז איהם געהען אוים די כחות.

— וואס איז מיט אייך, חזן? האט איהם אין די צייט א זינגער א פ־ענ געטהון.

— הא, וואס איז מיט מיר? האט זיך דער חזן דערשראקען מיינענדיג, אז מען איז שוין זיך דערגאנגען — וואס זאגסטו איז מיט מיר? דו ווייסט דען עפים, הא?..

— ניין! איך ווייס ניט, דעריבער פרעג איך דאך אייך וואס זענט איהר אזוי צורודערט.

— צורודערט. זאגסטו, צורודערט, מעהר נישט ווי צורודערט, הא? מעהר נישט?!...

— דער חזן מוז „קלערען" ווענען איין גרויסארטיגען יום־נוראים־דיגען שטיק — האבען די זינגער בעהויפטעט.

---

עס איז פערגאנגען נאך א חדש און דעם חזן האט דער שרעק נישט אבגעלאזען. עס איז איהם נמאס געווארען דאס לעבען.

וואלט ער שוין וויסען, אז ער האט געוויס דעם קול פערלארען, וואלט ער זיך אפשר בערוהיגט. פערפאלען! א מענש קען אייביג

ניט לעבען (פערלירען דעם קול און שטאַרבען איז ביין חזן אַליץ איינס געווען), נאָר די ספקות, דאָס וואַרפען זיך צווישען יא און ניין, דער „עולם־התהו" האָבען דעם חזן ביטער געמאַכט דאָס לעבען.

און דאָנערשטאָג פאַר שבת מברכים האָט דער חזן זיך בעשלאָסען צו דערגעהן דעם אמת, ער קען שוין מעהר נישט פערטראָגען.

עס איז געווען פאַר נאַכט, דאָס ווייב איז אַוועק אין יאַטקע נאָך פלייש און די משוררים זענען זיך צוגאַנגען, עס איז נור געבליעבען דער חזן מיט'ן עלטסטען זינגער — יוסיל באַס.

דער הזן האָט אויף איהם געקוקט, געעפענט דאָס מויל און צוריק פערמאַכט, עס איז איהם געווען שווער אַרויסצורעדען דאָס, וואָס ער וויל. ענדליך, האָט ער נישט אויסגעהאַלטען:

— יוסיל!

— וואָס איז חזן?

— זאָג מיר, דו ביזט איין עהרליכער מאַן?

יוסיל האָט אויסגעשטעלט די אויגען אויף דעם חזן און האָט געפרעגט:

— וואָס עפּיס היינט פרעגט איהר מיך, חזן?

ברודער יוסיל! האָט זיך דער חזן שיער ניט פונאַנדערגעוויינט, ברודער יוסיל...

ער האָט מעהר אַ וואָרט נישט געקענט אויסרעדען.

— חזן, וואָס איז מיט אייך?

— ברודער יוסיל! זיי איין עהרליכער מאַן און זאָג מיר דעם אמת, דעם אמת...

— איך פערשטעה ניט, וואָס איז מיט אייך, חזן?!

זאָג מיר דעם אמת, דו בעמערקסט אין מיר עפּיס איין פערענדערונג?

-- זעהר! האָט יוסיל געענטפערט, קוקענדיג ווי דער חזן איז בלייך און דאַר — זעהר אַ גרויסע פערענדערונג...

— איצטער זעה איך, אז דו ביזט איין עהרליכער מאַן, זאָגסט דעם אמת אין די אויגען, ווייסט, ווי לאַנג דאָס איז שוין?

— דאָס וועט שוין זיין באַלד אַ חדש, האָט דער זינגער געענטפערט.

— יאָ, ברודער אַ חדש, אַ חדש, איך האָב אָבער געפיהלט...

– דער הזן האָט אָבגעווישט דעם שווייס וואָס האָט בעדעקט זיין שטערען און האָט ווייטער געזאָגט:

און ווי רעכענסטו, יוסיל, שוין טאַקי פערלאָרען אויף אַלע מאָל?

— וואָס פערלאָרען? האָט יוסיל געפרעגט אָנהויבענדיג צו פערשטעהן אין דעם שמועס גאָר עפּיס אַנדערש.

– נו, וואָס? וואָס פרעגסטו נאָך?... הא?.. וואָס קען איך פערלירען? געלד! קיין געלד האָב איך ניט — איך מיין, פערשטעהט זיך, דעם קול.

דאָ האָט יוסיל שוין אַליץ פערשטאַנען, ער איז געווען צו פיעל זינגער ער זאָל דאָס ניט פערשטעהן. מיט רחמנות'דיגע בליקען האָט ער געקוקט אויפ'ן חזן, און האָט געפרעגט:

— געוויס?...

— וואָס, געוויס?! האָט דער חזן זיך ערמונטערט—עס קען זיין, אז ניט געוויס? אדרבא, אדרבא, הלואי זאָל דאָס טאַקי זיין אַ טעות.

יוסיל האָט געקוקט אויפ'ן חזן און ווי אַ דאָקטער בענעהמט זיך מיט זיינעם אַ חולה האָט ער זיך מיט איהם בענאַנגען:

— נעהמט – „דאָ"! האָט ער געקאָמענדעוועט. דער חזן האָט געהאָרזאַם, ווי אַ שילער, געצויגען דעם „דאָ".

— ציהט, ציהט! פיער פערטעל—ציהט; האָט יוסיל געקאָמענדעוועט איינהערענדיג זיך מיט אויפמערקזאַמקייט.

דער חזן האָט געצויגען.

— איצטער, זייט מוחל, נעהמט „רע"! —

דער הזן האָט געצויגען: רע־רע־רע! דער זינגער האָט זיך אָבגעשטעלט, טיעף פערטראַכט און האָט באַלד מיט אַ טרויריגען טאָן אַרויסגעזאָגט:

— פערלאָרען!...

— טאַקי אויף אייביג!

— וואָס רעדען אַ יונגעלע זענט איהר, נאָך אַמאָל וועט איהר רעדען בעקומען אַ שטים?! אין אייערע יאָהרען איז שוין פערפאַלען!

דער הזן האָט פערבראָכען מיט די הענד, אַ וואַרף געטהון זיך צום טיש און אַריינלעגענדיג דעם קאָפּ אין די הענד האָט ער זיך צעוויינט, ווי אַ קינד.

אויף מאָרגען האָט דאָס גאַנצע שטעדטיל שוין געוואוסט פון דעם אונגליק, אַז דער הזן האָט פערלאָרען דעם קול.

— אויך אַ געשעפט! האָט דער שענקער, אַ פיינער בעל הבית געזאָגט — וועט ער „שבת מברכים" וועניגער האַלטען דעם עולם מיט זיין זינגעכץ — בעט ביי מיר אַ ביטערע ציבעלע פאַר'ן גאַנצען קול...

אברהם רייזען.

---

## א בריעף צום ה' ענגעל פונ'ם „וואסחאד".

געעהרטער הערר!

אינ'ם נו. 18 „וואָסחאָד" זענט איהר אַרויס מיט אַ פייעריגע רעצענזיע וועגען די „יודישע פאָלקסליעדער" פון מ. מ. וואַרשאַווסקי, האָב איך חשק אייך צו ענטפערען מיט עטליכע וואָרעמע ווערטער.

קודם כל בעדאַרף איך אייך בעטען מחילה, האָט קיין פעראיבעל ניט, וואָס איך וועל אייך זאָגען: איהר האָלט גישט קיין וואָרט! תחילת הויבט איהר אָן אייער רעצענזיע מיט אַ הקדמה, אַז איהר וועט רעדען נור פון דער מוזיק; פון די ליעדער, זאָגט איהר, לאָזען רעדען ספּעציאַליסטען, און תוך כדי דבור הויבט איהר אָן צו רעדען דוקא פון די ליעדער גופא און איהר גיט איהם, דעם פּראָפעסער, אַ מאוסען פּסק, למאי האָט ער זיינע ליעדער אַ נאָמען געגעבען „פאָלקסליעדער"? איך געב אייך אויך מיין עהרענוואָרט בנאמנות, אַז איך וועל מיט אייך רעדען נור פון די ליעדער אליין; פון דער מוזיק לאָזען מיט אייך רעדען ספּעציאַליסטען. אַי טאָמער וועל איך מיך נישט קענען איינהאַלטען און וועל מיך אפשר אַרויסכאַפּען מיט אַ וואָרט מכח מוזיק, וועט איהר מיר מוזען מוחל זיין, — עס וועט זיין אָבגעגעבען ברויט, מדה כנגד מדה.

איהר פרעגט אַ קשיה און בייזערט זיך: סטייטש, וואָס פאַר אַ רעכט האָט דאָס געהאַט וואַרשאַווסקי אָנצורופען זיינע אייגענע ליעדער „פאָלקסליעדער"? פאָלקסליעדער, זאָגט איהר, זענען ליעדער אַ ל ט ע, צונויפגעזאַמעלטע פונ'ם פאָלק. אט למשל די יודישע פאָלקסליעדער פון גינזבורג און מאַרעק, די וועלכע עס האָט אַרויסגעגעבען דער „וואָסחאָד". אזוי זאָגט איהר, הערר ענגעל, און איהר זענט גערעכט, נאָר נ י ש ט אין

נאַנצען. ביי אונז ווערען אנגערופען מיט'ן נאָמען „פאָלקסליעדער" אלע ליעדער וואָס זענען געשריבען אין דער פּראָסטער יודישער פאָלקשפּראַכע, וואָס מע רופט זי זשאַרגאָן און וואָס זענען אַרויסגעגעבען פאַר'ן פאָלק. נישט מעהר ס'איז אַ טעות הדפוס, וואָס איז אננענומען געוואָרען פון כמה יאָהרען; אנשטאט „ליעדער פאַר דאָס פאָלק" שרייבט מען פאָלקס־ליעדער. אַ סימן האָט איהר, נעמט זייט מוחל די זעלבע יודישע פאָלקס־ליעדער פון גינזבורג און מאַרעק און קוקט זיך צו צו דער ביילאַגע פון ה' ווינער, וועט איהר זעהען אַ צעטיל פון פאָלקסליעדער, וואָס זענען בעשאַפען געוואָרען און אַרויסגעגעבען פון מענשען וואָס פיעל פון זיי לעבען און זענען ב"ה אין בעסטען געזונד:

1) זעקס פאָלקסליעדער פון פסח אליהו בדחן.
2) פאָלקסליעדער פערפאַסט פון אברהם דושינסקי.
3) סאַטירישע פאָלקסליעדער פון יצחק יואל לינעצקי.
4) הומאָריסטישע מאָראַלישע קריטישע פאָלקסליעדער פון מ. נ. לוטינסקי.
5) יודישע פאָלקסליעדער פון אַלטער פּישזאָהן.
6) 10 יוד. פאָלקסליעדער פערפאַסט מיט האַרמאָניע פון צונזער.
7) נייע 12 פאָלקסליעדער פון אליקום ברחן.
8) דריי נייע פאָלקסליעדער פון אליקום צונזער.
9) פאָלקסליעדער פערפאַסט מיט געזאַנג פון צונזער.
10) יודישע פאָלקסליעדער פערפאַסט פון מ. קאַטלער.
11) פאָלקסליעדער פערפאַסט פון רש"י קאַצענעלענבויגען.
12) 10 נייע יוד. פאָלקסליעדער פערפאַסט מיט געזאַנג פון שמאלעוויטש.

דאָס איז איין מאָל אוועק. צווייטענס זאָגט איהר און ניט איין אנווייזונג אויף די פאָלקסליעדער פון גינזבורג און מאַרעק, אַז דאס זענען ליעדער וואָס דאָס פאָלק זינגט פון פאַרצייטען, וואָס מע ווייסט שוין גאָר ניט, הייסט דאס, ווער איז געווען דער מחבר פון זיי. קאָן איך אייך זאָגען אַז איהר האָט מחילה אַ טעות. פאַראַן צווישען די דאָזיגע ליעדער פון גינזבורג און מאַרעק אַסך אַזעלכע, וואָס זענען בעשאַפען געוואָרען גאָרנישט לאַנג און אַזעלכע וואָס מיר ווייסען פאַר געוויס אַז דאָס האָט געמאַכט גאָלדפאַדען, אָדער איין אַנדערער פון די היינטיגע. צום בייש־פּיעל נעמט דאָס ליעד ביי גינזבורג און מאַרעק נו' 82 זייט 73:

שלאָף מיין קינד מיין טרייסט מיין שיינער
שלאָף מיין זוהנעניו!
שלאָף מיין קרוין מיין קדיש איינער
ליולינקע ליו־ליו...

ווייסט איהר ווער איז דער פערפאַסער פון'ם דאָזיגען פאָלקסליעד? שלום עליכם. ווייסט איהר ווען ס'איז בעשאַפען און אַרויסגעגעבען געוואָרען? אין'ם 1892 יאָהר אין אָדעס, אין'ם „קול מבשר" פון שלום עליכם. איך ווייס וואָס איהר וועט דערויף זאָגען, הערר ענגעל. איהר וועט זאָגען: אפשר איז דאָס ליעד אין די עטליכע יאָהר געוואָרען אַזוי פּאָפּולער ביים פאָלק אַז מע זינגט דאָס אומעטום: אין סווענציאַן, אין קאָוונע, אין וויטעבסק, אין מינסק און אין נאָדיטש (זעה די „יוד. פאָלקס־ליעדער" פון גינזבורג און מאַרעק, זייט 74). וואָס וועט איהר אָבער ענטפערען דערויף אַז איך וועל אייך זאָגען און אַסך וועלען אייך צו־שווערען, אַז איך זאָג אייך חלילה נישט קיין ליגען, אַז איינינע פון וואַרשוואַווסקי'ס ליעדער האָט מען מיט אַ יאָהר זעקס פריהער נאָך גע־זונגען אין אַסך שטעדט, איידער וואַרשאַווסקי האָט נאָך אפילו אין זינען געהאַט אַבדרוקען זיי און אַרויסגעבען פאַר'ן פאָלק?

הכלל, הערר ענגעל, איהר זעהט אַז דער נאָמען „פאָלקסליעדער" איז נאָך ניט אַזאַ סכנה, ווי איהר זאָגט און צו ליעב דעם איז כ'לעבען ניט כדאי געווען צו זידלען אַ מענשען וואָס איהר קענט איהם נישט אוי ווייסט איהם נישט און אָבעסען זיך דאָס האַריץ.

זעהט איהר די מוזיק — דאָרט זענט איהר ביי זיך אין דער היים, און וואָס קאָן איך, משטיינסנעזאָגט, אַ יודישער מחבר, פערשטעהן אין אַזעלכע זאַכען? אַז איהר וועט מיר זאָגען אַכצעהן מאָל עאָליסקי, דאָרייסקי, מיקסאָלידייסקי, וכדומה אַזעלכע הויכע מוזיקאַלישע ווערטער פון „מלאכים שפּראַך", וואָס ווייסען מיר פּראָסטע מענשליך? ביי אַזעלכע ווערטער עפענען מיר אויף מויל און אויערען און טראַכטען זיך בשעת מעשה: „אַט אַ מזיק!..." האָטש אפילו אַז מע וויל שמיעסען דאָס איינענע ווידער צוריק, קאָנען מיר רעדען אביסיל פון מוזיק אויך. נגינה איז דאָך אַ יודישע זאַך. וועלכער יוד פערשטעהט ניט זינגען? דאס איז דאָך איינע פון יענע דריי זאַכען וואָס מיר, יודען הייסט דאס, זענען אין דעם די גרעסטע מבינים אין דער וועלט: וויין, געזאַנג און בריליאַנטען! איהר הייסט מיר, הערר ענגעל, איך זאָל אַריינ־קוקען אין אייער עטנאָגראַפישען רעפעראַט, וואָס איהר האָט געלייענט אין מאָסקאַו. און איך הייס אייך, איהר זאָלט אַריינקוקען אין מיין רעפעראַט ארבע כוסות, אינ'ם „יוד", „פסח־בלאַט" 1900, וועט איהר זעהען פאַר וואָס אַ יוד ערלויבט זיך אַמאָל צו רעדען פון אַזעלכע זאַכען, וואָס ער הויבט ניט אָן צו פערשטעהן מה דקאָמרי רבּצין...

איהר לאַכט, הערר ענגעל, פון וואַרשאַווסקים מוזיק און זאָגט, אַז דער טעמפּ פון אַלע זיינע מעלאָדיען בעשטעהען פון פאָלקעס, מאַ־זורקעס און אַנדערע טענץ, און דערפאַר זענען זיי ניט יודיש, און איהר זאָגט נאָך דערביי אַ וויץ, אַז מע לייענט וואַרשאַווסקים ליעדער, קאָן מען מיינען, אַז דאס יודישע פאָלק האַלט אין איין טאַנצען. לאָמיר זעהען אָקאָרשט, אויף וויפיעל זענט איהר גערעכט? למשל גאָלדפאַדענס מע־לאָדיען פון זיינע ערשטע יודישע פאָלקסליעדער האַלט איהר דאָך גע־וויס אַז זיי זענען יודישע מעלאָדיע. נעמט־זשע למשל אויף אַ ציקאַוועסט דאס ערשטע ליעד („קין").

ווי אַ פויגעל פון זיין נעסט
ווערד שטאַרק ווייט פערפלויגען (פאָלקאָ).
אָדער: דאס יודיל דאס יודיל
דו קענסט איהם צי נייך (וואַלס).
אָדער: איך דאַנק דיר ליעבער האַרציגער פאָטער
פאַר דיינע גרויסע חסדים (מאַרש).

פאַראַן, זאָגט איהר, ביי וואַרשאַווסקין מעלאָדיען, וואָס זענען גענומען פון רוסישע געזאַנגען. אמת. נעמט, למשל, דאָס קלאַסישע פאָלקסליעד פון מיכל גאָרדאָן, וואָס מע זינגט דאָס בכל תפוצות ישראל:

צי זענט איהר, רב יוד,
אין פּאָלטאַווע געווען?
צי האָט איהר ניט דאָרטען
מיין מאַן געזעהען?

איז די מעלאָדיע ניט איננאַנצען גענומען פון אַ רוסיש ליעדיל:

אָי טי דיוושינאַ
זאַרוטשענאַיאַ!

טשאָהאָ טי חאָריש
טאַקאַ סמוטנאַיאַ. ?

נו, אם כן, פערליערט דאָס דען דעם געשמאַק ? און וואָס איז דער געוואַלד, אַז עס וואַרפט זיך דורך צווישען 25 מעלאָדיען איינע אָדער צוויי אָדער דריי אַפילו פרעמדע, נישט קיין עכט יודישע געזאַנגען ? דאָס זענען דאָך נישט מעהר ווי ליעדליך פאַר'ן פאָלק, פאַר'ן המון עם, גלות ליעדליך, געשריבען אין גלות אויף דער גלות שפּראַך, איז נאָר אונמעגליך אַז דאָ זאָל ניט זיין קיין מישמאַשׁ, עס זאָל זיך ניט דורכוואַרפען קיין פרעמדע נאָטען אין אונזער געזאַנג... איך רעד שוין ניט פון דעם, אַז גרויסע מבינים (נישט אַזעלכע ווי איך) געפינען, אַז דער כאַראַקטער פון יודישע מינאָרנע ליעדער איז שטאַרק עהנליך מיט'ן כאַראַקטער פון דער קליינרוסישער מוזיק.

ווייטער האָפט איהר, הערר ענגעל. דעם פּערפאָסער פון די ליעדער פאַר איין אויער, און איהר פיהרט איהם צו צום ליעד נו' 3, און איהר פרעגט איהם אַ שאלה: „סטייטש, דו צייכענסט אָן אינ'ם שליסעל פונ'ם ליעד מאָרענדאָ, דאָס הייסט שטיל, ווי פערשטאָרבען, און צום סוף שטעלסט דו אויפ'ן נייענטען טאַקט פאָרטאָ, דאָס הייסט שטאַרקער, העכער ? ...” איז דאָך עס אין פלוק אַ האַרבע שאלה, נאָר ס'איז ניט אַזוי די מעשה, ווי איהר זאָגט, הערר ענגעל ! ערשטענס זאָגען מוזיקער, אַז ס'איז אין ערגעץ נישטאָ אַזאַ דין, אַז דאָרט וואו עס הויבט זיך אָן מאָרענדאָ זאָל נאָכדעם ניט טאָרען זיין פאָרטאָ און פערקעהרט. צווייטענס האָט זיך גראַד (אויף וואַרשאַווסקים אומגליק) אריינגעגנב'עט אין די נאָטען פון דעם ליעד אַ דרוקפעהלער פונ'ם בחור הזעצער: תיכף אים דרייצעהנטען טאַקט איז געשטאַנען אַ פ. (פּיאַנאָ) און אַזוי זיננט זיך דאָס ליעד ביי וואַרשאַווסקין און ביי אַלע וואָס האָבען דאָס געזונגען נאָך מיט עטליכע יאָהר פריהער:

ג אַ נ ץ ש ט י ל: טהייערע מאַמע, טהייערע מוטער,
דו מיין טהייער כּשר האַרץ,
צי ווייסט דו ווי איך וויין אַזוי ביטער
און ווי גרויס איז דאָ מיין שמאַרץ?
ש ט אַ ר ק: אוי וואָס וואָלט איך גיט אַוועקגעגעבען
איך זאָל טהון אויף דיר אַ בליק:
ש ט י ל ע ר: איך וואָלט פאַר דיר געשטרעקט דאָס לעבען.
איך זאָל קומען צוריק ....

נעמט וואָס איהר ווילט פאַר אַ מוזיקאַליש ווערק, די שענסטע סימפאָניען פון בעטהאָווען, מאָצאַרט, מענדעלסאָן אָדער טשייקאָווסקי וועט איהר זעהען, אַז דאָרט וואו עס בעדאַרף זיך בייטען, בייט זיך דאָס, עס מעג זיך אָנהויבען בחשאי, גאַנץ שטיל, און אויסלאָזען זיך בקולי קולות. נאָר למאַי דאַרפען מיר געהן זוכען ביי פרעמדע, בעטהאָווען, מאָצאַרט, מענדעלסאָן, טשייקאָווסקין, אמעהר נעמט דעם פעליעטאָן פון הערין ענגעל אליין: דער הערר ענגעל גיט אַ נאָמען זיין אַרטיקעל: „וועגען די יודישע פאָלקסליעדער פון וואַרשאַווסקי" (נישט „וועגען דער מוזיק פון די ליעדער") און הויבט אָן גאַנץ „מאָרענדאָ", דאָס הייסט ג ע ל אַ ס ע ן, אַז ער וועט רעדען נור פון דער מוזיק אַליין; נאָכדעם מאַכט ער אַ שמועס וועגען די ליעדער גופא, אַלע מאָל שטאַרקער און שטאַרקער (פאָרטאָ); נאָכדעם ווידער פון דער מוזיק, וועגען קאַדרילען, פאָלקים און מאַזורקעס, (גראַציאָזאָ) און צופלאַקערט זיך אַזוי שטאַרק (קרעסצענדאָ), אַז ער הויבט אויש אָן רעדען פון זיך, אַז ער האָט דורכגעשטודירט נור ז ע כ צ י ג יודישע ליעדער און האָט געלייענט אין מאָסקאָו אַ רעפעראַט פאַר יאָהרען אין חודש נאָוועמבער וועגען יורישער מוזיק און וועגען דער מוזיק פון קאַווקאַז, פערסיאַנישע, אַראַבישע און חסידישע געזאַנגע און וועגען גאָר אַלטפּרענקישע מוזיק: עאָלישע, דאָרישע, מיקסאָלידישע וכדומה (פאָרטאָפאָרטיסימאָ!!!).

לייענענדיג אייער רעצענזיע, הערר ענגעל, קען מען זיכער מיינען, אַז וואַרשאַווסקי איז דאָ מסתמא דער גרויסער קאָמפּאָזיטאָר און איהר זענט מיט נאָטס הילף זיין מוזיקאַלקריטיקער, האָט איהר זיך צולאָזט מיט אַ ירגזון, מיט אַ כעס, זאָל גאָט שומר ומציל זיין! איהר זאָגט אַז ס'איז אַ מצוה מע זאָל פערהיטען דאָס יודישע פאָלק פון וואַרשאַווסקי'ס ליעדער, מחמת דער טעמפּ פון די מעלאָדיען זענען געגרינדעט אויף טעניץ — אַ קליינינגקייט אַזאַ־נ־אומגליק ? ! — און דערביי דערלאַנגט איהר אַ שטאָך מיט אייער שאַרפער מוזיקאַלישער פעדער די ציוניסטען, למאַי זיי האָבען רעקאָמענדירט די דאָזיגע ליעדער. בערוהיגט אייך, הערר ענגעל, די ציוניסטען זענען דאָ גאָט די נשמה שולדיג. תיכף נאָך וואַרשאַווסקים ליעדער האָט דער דאָקטאָר כהן־בערענשטיין רעקאָמאַנדירט מיט'ן זעלבען טאָן אויך די „יודישע פאָלקסליעדער" פון גינזבורג און מאַרעק. דער דאָקטאָר כהן־בערענשטיין האָט שוין אַזאַ טבע, טאָמער דערזעהט ער עפּיס אַ רעכטעס ווערק אין דער יודישער ליטעראַטור דרוקט זיך אָב, אַזוי פּויקט ער אויס אין זיינע בריווליך. כהן בערענשטיין האָט פערגעסען אַכטונג נעבען אויפ'ן טעמפּ פון די מעלאָדיען, טאָמער איז ער געגרינדעט אויף אַ וואַלס אָדער אויף אַ מאַזורקע, וואָס קען חלילה שאַדטען דעם ציוניזם און דעם גאַנצען יודענטהום. אויף ווייטער בעדאַרף מען זעהען אַז דער דאָקטאָר כהן־בערענשטיין זאָל למען־השם אויסלערנען אַלע טעניץ!...

זייט זיך מודה, הערר ענגעל, אַז אין אייער פלאָם פייערדיגע רעצענזיע האָט איהר אויף דער הייסער שעה אַביסיל איבערגעהאַפּט די מאָס און האָט גערעדט איינינע ווערטער, וואָס איהר האָט זיי ניט בעדאַרפט רעדען... עס טרעפט זיך אַמאָל מע האַפּט זיך אַרויס, נישקשה, הלואי זאָל זיך אַזוי ניט טרעפען! זייט געזונד און לאָמיר בלייבען אומבעקאַנטערהייט די זעלבע גוטע פריינד ווי ביז אַהער —

קיעוו. שלום־עליכם.

---

## ליטעראַרישע און וויסענשאַפטליכע נייעס.

— עס איז אַרויס פון דרוק אַ ווערק אין פראַנצויזיש „ג ע ש י כ ט ע פ ו ן פ ר ו י ע ן־ד אָ ק ט ו י ר י ם" פון פרוי דר. מ ע ל אַ נ י אַ לאַ פ י נ ס ק אַ. אין דעם ווערק געפינען מיר אויך איניגע ידיעות וועגען יודישע פרויען־דאָקטוירים.

אין 14 און 15 יאָהרהונדערט זענען געוועזן גיט ווענינ יודישע פרויען־דאָקטוירים. עס איז בעקאַנט די פרוי ש ט ע ר ל י ן, וועלכע איז געוועזן אַ אויגענדאָקטאָרקע אין 1428 יאָהר, אויך די דאָקטאָרקע ש ר ה, וועלכע האָט אין 1419־טען יאָהר בעקומען איין ערלויבניש פון ווירצבורגער בישאָף צו פערנעהמען זיך מיט מעדיצין. אין די געשיכטס ביכער פון 1433־סטען יאָהר איז דערמאָהנט איין אויגענדאָקטאָרקע אַ יודישע פרוי, אויך אין די געשיכטליכע אַקטען פון די יאָהרען 1836, 1839, 1840 א. ז. וו. זענען דערמאָהנט יודישע פרויען אַלס דאָקטאָרקעס.

— עס איז אַרויס דער ערשטער באַנד פון דער יודישער ענציקלאָפּעדיע, וועלכע ווערט אַרויסגעגעבען אין אַמעריקאַ אין ענגלישער שפּראַך. די ענציקלאָפּעדיע וועט ענטהאַלטען אין זיך אַרטיקלען געאָרדנעט נאָך דעם אלף בית איבער אַלע זייטען פון יודישען לעבען, פון יודישער געשיכטע, ליטעראַטור, קונסט לעבענסבעשרייבונגען פון בעריהמטע יודישע מענער און פרויען א. ז. וו. אין דער ענציקלאָפּעדיע אַרבייטען די גרעסטע יודישע געלערנטע. דער ערשטער באַנד האָט 685 זייטען און פיעל שענע בילדער. אין דעם ערשטען באַנד זענען נאָך די אַרטיקלען אויף אַ ניט געענדיגט.

---

Verlag „Achiasaf". Verantwortlicher Red. M. Berkowicz. — Herausgeber u. Buchdrucker Josef Fischer Krakau.